Mirbeau, Octave.
Zshan un Madlene : (fabrikant argand) : a drama fun arbeyter leben in finf akten.
Varsha : Progres, 1908.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1908.2

**Mirbeau, Octave, 1848-1917.**
Zshan un Madlene : (f abrikant argand) : a drama fun arbeyter leben in finf akten / iberzetst durkh [three asterisks in pyramid].
Varsha : Progres, 1908.
102 p.

1. Working class--Drama. 2. Yiddish drama.—lcsh.
I. Poland-Warsaw.

ID : NXYH01-B17626 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /86574

Reduction ratio X10.0

א. מירבא.

# זשאַן און מאַדלענא

פּרייז 25 קאָפּ.

1911.

פערלאַג
„פראגרעס״.

ווארשא.

**אָקטאַוו מירבאָ.**

# זשאַן און מאַדלענע

## (פאַבריקאַנט אַרגאַנד).

אַ דראַמאַ פון אַרבייטער לעבען אין 5 אַקטען




איבערזעצט דורך * * *



פערלאַג „פראָגרעס" וואַרשאַ.

תרסח.—908.

№ 85 — פרייז 30 קאפ.

**О. Мирбо.**

**ЖАНЪ и МАДЛЕНА.**

Изданіе „Прогрессъ." Варшава. 1908 г.

# די פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| לוּאִי טִיעֶר. | איין אלטער אַרבייטער. |
| מַאדְלֶענֶע. | זיין טאָכטער. |
| זְשַאן רוּל. | איין יונגער אַרבייטער. |
| אַרְגַאנְד. | איין בעל-הבית פֿון איין גרויסע פֿאַבריק. |
| רָאבֶּערְט. | זיין זוהן. |
| זְשֶׁענֶעוִויֶעוֶוע. | זיין טאָכטער. |
| מֶעגְרֶע. | דער פֿערוואַלטער איבער ארגאַנד'ס פֿאַבריק. |
| קַאפְּרָאן. דְיוּאָרְמֶעל. דֶעלַאטְרוּד. פִּילִיפּ אוּרְטָא. | פֿאַבריקאַנטען |
| יוֹסֵף בָּארְד. זֶעפֶּערִין בּוּרְרִי. רֶענַא. פִּיעֶל פֵּינַארְד. זְשוּל פַּאקָא. פְּרַאנְצִיסְק גוּזְש. פִּיֶער אַנְסָאם. | אַרבייטער |
| קַאטְיַאר. | איין אַלטע פֿרוי. |
| מַארְיַאנֶע רֶענָא. | איין אַרבייטערס אַ פֿרוי. |

איין פּאָקאַיאָווע, איין בעדיענער, נייגיעריגע, פּרעגער, פֿרויען, קינדער.

---

Тип. Г. Пимсеть и Я. Швабе, Варшава Сѣраковская 6.

# ערשטער אקט.

איין וואוינונג פֿון איין ארבייטער־פֿאמיליע אין איין פֿאבריקנע שטעד־טיל. אין דער טיעף זעהט זיך איין טיר צווישען צוויי גרויסע פֿענסטער. פֿון די פֿענסטער זעהט זיך די פֿאבריק, איהרע קוימענס און די אומגעלומפערטע געביי־דעס, אזוי ווי קאזארמעס. אויף רעכטס נעבען די סופערנע צוויי קינדערבעטלעך, אויף דער ערד איין סענניק. אויף לינקס איין טיר אין צווייטען צימער. אין מיטען נעבען ניט קיין גרויסער אויווען מיט איין געבויגענער רעהר, וואס געהט אריין אין וואנד, שטעהט א טיש, וואס איז פֿערוואליעט מיט וועש צום נייהען. דא און דארטען זיינען פֿערנאנדערגעשטעלט שטולען מיט צובראכענע ברעטלעך. איין גע־שיר־אלמער... די דירה איז ארים.

## ערשטע ערשיינונג.

### מאדלענע און די קינדער.

די קינדער ליעגען אין די בעטלעך. בשעת מען הויבט אויף דעם פֿארהאנג, האלט מאדלענע ביים ענדיגען איינצולעגען שלאפֿען די קינדער. זי זינגט אונטער שטילערהייד און קושט זיי.

מאדלענע. אט אזוי, אט אזוי!... איהר זייט חכמים׳לעך, טייערינקע ברעקעלעך, שלאפֿט... (אווילע שטעהט זי נאך איינגע־בויגען איבער די בעטלעך. איין קעסעלע קאכט אויף׳ן פֿייער. די טיר אין דער טיעף, וואס קומט ארוים אין גאס איז אפֿען. אין דער ווייטענס זעהט זיך די פֿאבריק, וועלכער ווערט בין השמשות ביסלעכווייז בעלויכטען אויף דעם פֿון רויך שווארצען פֿאן פֿון הימעל. ארבייטער געהען פֿערביי דורך די שמאלע געסעלע, איינ־געהויקערטע, פֿערמאטערטע... דער אינגעלע, וואס ליעגט אין בע־טעל הויבט אן צו וויינען).

מאדלענע. מיין טייערער פֿאל, הער אויף צו וויינען... שלאף איין! (דאס קינד הערט ענטשווינגען. מאדלענע זעצט זיך צום טיש, נעבען אויווען. צינדט אן דעם לאמפ און הויבט אן צו נייהען. עפעס איין ארבייטער געהט דורך די געסעל מיט געזאנג. זיין געזאנג הערט זיך אלץ שוואכער און שוואכער, ביז וואנען עס ווערט גאר שטיל. א פֿאלקאמע שטילקייט. עס געהט אריין די אלטע קא־טער מיט א טעפעל אין האנד.)

## צוויטע ערשיינונג.

מאַדלענע, די אלטע קאַטיאַר

קאַטיאַר. אפשר קענט איהר מיר לייהען אַ ביסעל זופּ, מאַדלענע?

מאַדלענע. איך קען גרייליך, באָבינקע קאַטיאַר. היינט אין דער פריה האָט מען אונז צוגעשיקט פון דעם ווירטה'ם הויז.

קאַטיאַר. פיר מיין זון... ער איז אָקאָרשט געקומען אַ היים און עס וואַרפט איהם אַזוי אין היץ... עס וואַרפט איהם אַזוי אין היץ... ער זאָל חס ושלום ניט קראַנק ווערען... זאָל גאָט איינהיטען.

מאַדלענע. וואָס רעדט איהר, וואָס רעדט איהר, באָבינקע קאַטיאַר, ער וועט ניט קראַנק ווערען. היץ=קראַנקהייט איז דאָך ביי אונז אַ שטענדיגער גאַסט... דאַן קלערט מען שוין ניט וועגען עסען... (זי שטעלט זיך, נעהמט ביי קאַטיאַר דעם טעפעל און גיסט אָן ביזן העלפט מיט זופּ). אָט דאָס קען איך אייך געבען.

קאַטיאַר. אַ דאַנק, מאַדלענע. (זי ווייזט אָן אויף די טיר לינקס) נו, און וואָס מאַכט די מוטער?

מאַדלענע. איהר איז ערגער... פיעל ערגער!

קאַטיאַר. גאָר אַזוי!... בערעכענט זיך מעהר ניט! אַזאַ געזונדע פרויענצימער. איך האָב איהר ניט איין מאָל געזאָגט, זי איז אַ גזלן אויף זיך אַליין, וואָס זי זיצט אָב גאַנצע נעכט איבער די גענייה.

מאַדלענע. פערשטעהט זיך, אָבער וואָס האָט זי געזאָלט טהאָן... עס איז געווען איין נויט...

קאַטיאַר. איהר, מאַדלענע, דאַרפט זיך היטען. די לעצטע צייט זייט איהר אויך אַ בלאַסינקע. די געזיכט איז ביי אייך געוואָרען גאָר קליין און אויסגעדאַרט. אין אייערע יאָהרען איז דאָס ניט גוט, גאָר ניט גוט.

מאַדלענע. מען דאַרף דאָך, באָבינקע קאַטיאַר, מאַכען דאָ אַלץ צורעכט... מען דאַרף דאָך פערדיענען אויף חיונה... איך בין אַסך שטאַרקער, ווי עס דוכט זיך.

קאַטיאַר. (זעצט זיך נעבען מאַדלענען און האַלט דעם טאָפּ זופּ אויף די קניע). נו, אָט האָט מען היינט אין דער פריה ע.ג. זאָגט רענאַ, טאָרעלין און לורדיע... דאָס איז שוין געוויס די צער מעגרע דעם אויסוואַרפּם אַרבייט! ניט אַנדערש, דאָס איז ער.

מאַדלענע. זיי זיינען דאָך געווען גוטע אַרבייטער!



קאַטיאַר. אמת, אָבער... (זי קוקט זיך אַרום מיט חשד אַרום זיך און רעדט מיט אַ ניעדריגערען קול). מען זאָגט, אַז זונטאָג, האָבען זיי זיך גערימט, אַז זיי האָבען געשימפּט געגען דעם בעל=הבית. איהר פערשטעהט... זיי האָבען גענומען איין איבריגע גלעזעל בראַנפען... און דאָ ביי אונז, דאַרף מען שטענדיג האַלטען דעם צונג צווישען די ציינער... מען רעדט זיך עפּעס אַרוים אַזוי גלאַט, אָהן איין שלעכטען מיין... ערשט אין אַ שעה אַרום... מען האָט שוין אַלץ דערצעהלט דעם מעגרע און מען גיט שוין אין קראַגען. מאָמער איז נאָך ניט פערפולט די צרות, איז נאָך רענאָ'ס ווייב טראָגעדיג... דאָס זיעבעטע קינד, מיין לעבען! מען קען ניט זאָגען, זי איז אויך אַ גוטע משוגע'נע. איך גלויב דאָך ניט, אַז דער בעל=הבית זאָל וויסען וועגען אַלץ, וואָס דאָ טהוט זיך אָפּ. דער הערר אַרגאַנד איז אפילו אַ האַרטער מענש, אָבער מיט יושר... און צוליעב מעגרע האָט מען איהם ניט האָלט...

מאַדלענע. ניין... ניין... דאָס איז אַזוי!

קאַטיאַר. ווו אונזער בעל=הבית'טע איז געשטאָרבען, איז געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. יע מיר האָבען אַפולע נאָך איהר טוידט פערלאָרען. די נאַרישע קאָקעטקע זשענעוויעווע וועט איהר ניט פערבייטען. אָט הערט, מאַדלענע, איך בין היינט אין דער פריה געוועזן ביי דעם בעל=הבית אין הויז.

מאַדלענע. איהר זייט געווען?

קאַטיאַר. יע, איך בין געווען. איצטער מאָלט מיר די פריילין זשענעוויעווע, ווי זי האָט פריהער געמאָלט אייער מוטער. זי טוט מיר אָן אויפ'ן קאָפּ עפּעס אַ רויטע, הייסט מיר צובינדען אַ פאַרטעך מיט בלויע פּאַסיקלעך, וויקעלט מיר אַרום האַלז אַ געלע טיכעל און צו די פיס שטעלט זי מיר אַ קאָרב מיט אַפּעלסינען... וואָס זי קען נאָר אויסקלעהרען... היינט וואָלט איהר געזעהען! איהר צימער, איהר מאַסטערסקאַיע. אַ גרויסע און וואָס נאָר איז דאָרטען ניט אָנגעשטעלט. אַפולע זאַכען... שפּיעגלען, אַלמערס, טייערע דיוואַנעס, אַלץ איז דאָ גענוג... היינט ווייסט איהר וואָס זי זאָגט? זי זאָגט, אַז איך בין שענער פאַר אייער מוטער... אַז ביי מיר... ווי האָט זי דאָס געזאָגט... יע, אַז ביי מיר... איז די געזיכט, ווי פון העלפאַנדביין. גאָר אַזוי! אויף מיינע נאַמנות... און האָט מיר געגעבען צוויי פראַנק... אייער מוטער פלעגט זי אויך געבען אַזוי פיעל?

מאַדלענע. יע, באָבינקע.

קאַטיאַר. דאָס איז אפילו ניט שלעכט... גאָר ניט שלעכט... פאָרט איז דאָס אַ קליינע שטיצע!... יע... (זי שטעלט זיך) אָט

וואָס נאָך, איהר האָט שוין געהערט, אַז היינט אין דער פריה איז
געקומען צופאָהרען פון פאַריז דער הערר ראָבערט! ער איז מסתמא
גוטפריינד געוואָרען מיט'ן פאַטער!... אַ צייט מיט יאהרען איז ער
שוין דאָ ניט געוועזן!...

מאַדלענע. יע, ניט ווייניגער, ווי פיער יאָהר.

קאַטיאַר. פון דאַן אָן, ווען ס'איז געשטאָרבען די פרוי
אַרגאַנד... אַ שעהנער יונג, מיין ליעבינקע, און אַזאַ גוטער, אַזאַ
וואוילער, אַזאַ איידעלער... פונקט די מוטער... מען זאָגט, אַז די
פאַבריק וואָלט אַריבער געגאַנגען צו איהם, וואָלט ער איהר אַוועק-
געגעבען די אַרבייטער... ווי קלערט איהר, האַ?

מאַדלענע. אָט וואָס מען רעדט.

קאַטיאַר. טאַקע אמת... און דאָך איז הערר ראָבערט
איין בעל יושר... ער פעררייסט ניט דעם נאָז... און האָט האָלט
דעם אַרבייטער. אַ, אָבער עס איז שוין גענוג... עס איז שוין צייט צו
געהן. (ווייזט אָן אויף דעם טעפּל מיט זופּ). מאָרגען וועל איך
אייך אַוועקגעבען... אַגוטען, מאַדלענע, זייט אַלע געזונד!

מאַדלענע. איך דאַנק אייך, באָבינקע קאַטיאַר.

קאַטיאַר. אויב עס וועט זיך ביי נאַכט עפּעס טרעפען
זאָלט איהר, פערשטעהט איהר מיך, ניט שעמען. טהוט אַ רוף.

מאַדלענע. יע, יע... אַ גוטע נאַכט.

קאַטיאַר. אַ גוטע נאַכט. (זי געהט אַוועק. עס ווערט
פינסטערער אויפ'ן גאַס, עס ווייזען זיך די שאָטענס פון די אַרבייטער,
וואָס געהען גיך אַריבער איבערן גאַס. די פאַבריק איז ווי זי וואָלט
פלאַקערן אויף דעם טונקעלען הימעל. עס הערט זיך איהר שווע-
רע הוזשענגען. מאַדלענע זיצט נאָך איינגעבויגען איבער די אַרבייט.
עס קומט אַריין זשאַן רול.)

## דריטע ערשיינונג.

זשאַן רול און מאַדלענע.

זשאַן רול. גוטען אָווענד.

מאַדלענע. גוטען אָווענד, הערר זשאַן.

זשאַן. דער פאַטער איז שוין אַוועק אויפ'ן פאַבריק?

מאַדלענע. אָ, ניין, הערר זשאַן, דער פאַטער וועט היינט
אָווענד גאָר ניט געהן אויפ'ן פאַבריק (זי ווייזט אָן אויף דער טיר
אויף לינקס). ער איז מיט די מוטער.

זשאַן. נו, וואָס הערט זיך?

מאַדלענע. עס איז שוין ניטאָ קיין האָפנונג.



זשאַן. דער דאָקטאָר איז געוועזן?

מאַדלענע. ער איז אָקאָרשט געוועזן. ער האָט איהר
אַריינגעלעגט די האַנד אויפ'ן שטערן, האָט איהר געטאַפּט דעם
פולס און האָט געזאָגט: „דאָ קען מען שוין גאָר ניט העלפען" און
אַזוועק... (זיי שווייגען) און מעהר וועט ער שוין ניט קומען.
(זיי שווייגען) דוכט זיך, מען רופט?

זשאַן. ניין. (ער ווייזט אויפ'ן גאַס) דאָרטען זינגט מען,
אָדער מען וויינט... די קולות זיינען ווייט, מען קען ניט פונאַנדער-
קלייבען.

מאַדלענע. (הערט זיך צו) אמת... עס איז ניט ביי
אונז (פון דעסטוועגען געהט זי צו צום טיר, וועלכע פיהרט אין אַנ-
דערען צימער, עפענט איהר אויף שטילערהייד און קוקט זיך איין;
זי קעהרט זיך אום צום טיש) די מוטער האָט, דאַכט זיך, איינגע-
שלאָפען... דער פאָטער האָט אויך איינגעשלאָפען (זי זעצט זיך און
נעהמט זיך ווייטער צו דער אַרבייט) ער איז אַזוי פערמאַטערט!
צוויי נעכט פערברייינגט ער שוין נעבען איהר בעט... נור היינט
איז ער ניט געגאַנגען צו דער אַרבייט.

זשאַן. וואָס וועט זיין מיט אייך, מאַדלענע, איהר זייט
אויך פערמאַטערט... איהר האָט זיך אויך געדאַרפט אויסשלאָפען...
אָדער חאָטש זיך צו לעגען אַביסל אויפ'ן סעניק.

מאַדלענע. איך האָב שוין אַזוי אויך פערשפּעטיגט מיט
דער אַרבייט... און עס קומט נאָך אוים צולויפען אַ הער, אַהין...
אַז די מוטער דאַרף עפּעס האָבען, איז דער פאָטער גאָר ווי אַקליין
קינד... ער ווייס ניט פון דאַנען אַ הין... און איך אַרבייט אין
דעם צימער, ווייל יעדער געריוש רעגט איהר אויף, מאַכט איהר
אומרוהיג.

זשאַן. (געהט אַרום הין און צוריק איבער'ן צימער) אָרי-
מע קלעמאַנס! (שווייגט) ביז וואַנען זי האָט זיך געהאַלטען אויף
די פּיס. האָט זי געאַרבייט אָהן אויפהער, אָהן אָפּרוה!... און האָט
זיך אַנידערגעלעגט, ווען זי איז שוין געווען האַלב געשטאָרבען!...
(ער זעצט זיך אין ווינקעל) ווי אַלט איז זי געווען?

מאַדלענע. פיער און פערציג יאָהר.

זשאַן. (פערבימערט) פיער און פערציג יאָהר! אַזאַ אַלטע,
צוקנייטשטע געזיכט, גראָהע האָהר... זי האָט אויסגעזעהען ווי פון
זיבציג יאָהר.... פיער און פערציג יאָהר!? (שווייגט) אַ פולע
דערלעבען דאָ ניט צו די יאָהרען אייך!... מען אָטעמט דאָ מיט
טויט!... (עס הערען זיך די פייפען פון פאַבריק און איין פער-
שטיקטער רעש). און זי איז דאָך געווען אַזאַ קרעפטיגע, שטאַרקע
פרויענצימער!.. אין איהר איז געווען אַזוי פיעל לעבען!

**מאדלענע.** און איהר איז געווען א פולע צער אויך.

**זשאן.** דאס איז איין זאך.

**מאדלענע.** וואס האט זי נאר ניט אריבערגעטראגען!.. פיער, וואס דער מאשין האט איהם צוקוועטשט. — אזא שטארקער, מוטהיגער אינגל!.. יוסף, וואס איז געשטארבען פון טשאכאטקע נייגצעהן יאהר אלט. דאס איז געווען פיר איהר דער לעצטער קלאפ...

**זשאן.** יע, יע...

**מאדלענע.** עס פערדריסט מיר אזוי, וואס איהר האט ניט געקענט מיינע ברידער. הערר זשאן!

**זשאן.** יע, יע... אייער מוטער איז א מאל געווען א שעהנע?

**מאדלענע.** איך וויים ניט... איך געדיינק איהר אלע מאל אזוי ווי איצטער... און ווי זי איז געווען מיט א יאהר צוריק, ווען איהר האט איהר צום ערשטען מאל געזעהען... ווייל דער יאהר און די קריינק האט איהר דוכט זיך ווייניג אימגעביטען.

**זשאן.** זי האט מיר ניט האלט' געהאט?

**מאדלענע.** איהר האט זיך געדוכט, אז איהר זייט צו פערכמארעט... זי האט פאר אייך אביסל מורא געהאט.

**זשאן.** און איהר, מאדלענע?

**מאדלענע.** א, איך האב פאר אייך קיין מורא ניט, הערר זשאן.

**זשאן.** רופט מיר ניט „הערר זשאן"... פאר וואס רופט איהר מיר „הערר זשאן"?

**מאדלענע.** איך וויים אליין ניט... עס איז עפעס ניט ווילענדיג... ווייל איהר זייט ניט אזוי ווי אנדערע, איהר זייט עפעס ניט ווי אנדערע. ניט אלע מאל פערשטעה איך גוט אייערע רייד. אבער איך פיהל, אז דאס אלץ איז ריכטיג און גוט... וואס איהר רעדט. מיין מוטער איז צו אלט, כדי צו פיהלען דאס, אזוי ווי איך...

**זשאן.** איך בין גאר ניט בעסער פאר אנדערע, מאדלענע. איך בין אזא פראלעטאריער ווי אנדערע, אבער אויף דער נשמה איז ביי מיר א פילע ביטערקייט, ווייל איך האב געזעהען אין מיין לעבען פיעל לענדער און פיעל ארימקייט. איך האב ניט געהאט די קראפט און די שטייפקייט, וועלכע איך האב געוועלט האבען. דערפאר אבער האט זיך ביי מיר אנגעקליעבען פיעל שנאה... יע... אט דא...



**מאדלענע.** צו דען איז ביי אייך א פולע שנאה? איהר זייט דאך אזוי גוט צום פאטער און אזוי ליעבליך מיט די קינדער און מיט מיר!

**זשאן.** דאס איז אמת... איך האב אייך זעהר האלט... אלעמען... אייך... און איך וואלט וועלען, אז איהר זאלט זיין גליקליך!

**מאדלענע.** דא איז ניטא קיין גליקליכע, די בעלי-הבתים... (זי דערערדט ניט, זעהענדיג, אז זשאן פראטעסטירט מיט'ן האנד). זשאן.

**זשאן.** עס איז אין ערגעץ ניטא קיין גליקליכע.

**מאדלענע.** זשאן! זשאן! דער אומגליקליכסטער פון אלעמען, דאס זייט איהר.

**זשאן.** (שטעלט זיך און געהט אום איבערן צימער און זעהט צו פערשטעלען זיין אויפגערודערטקייט). בכן, פערבייט איהר א מוטער די אללע קליינוואַרג? (ער ווייזט אויף די שלאפענדע קינדער) איהר זייט צו יונג פאר אזא שווערע התחיבות... און דער פאטער ווערט אלץ עלטער (מאדלענע ענטפערט ניט, הויבט אן צו וויינען). וואס וויינט איהר?

**מאדלענע.** (זי שטארקט זיך איינצוהאלטען די טרערען) מסתמא פון מיעדקייט און אויך דערפון, וואס די מוטער... און וואס איהר, זשאן... פון דאן אן ווי איהר זייט געקומען, ווילט זיך מיר וויינען... (זי פערגיסט זיך מיט טרערען) און נאכדעם קען איך ניט, איך האב ניט די כוחות זיי צו ערציהען... איך וועל קיינמאל ניט האבען די כוחות... זשאן... זשאן! איך וועל ניט זיין דאס, וואס פאר זיי איז געווען די מוטער... און איך וויל ניט... איך וויל ניט... איך וואלט בעסער וועלען שטארבען...

**זשאן.** (נעהמט איהר האנד און גלעט איהר) מיין ארימע מאדלענע! (מאדלענע בערוהיגט זיך אביסל) וויינט... טרערען מאכען גרינגער די הארץ...

**מאדלענע.** ענטשולדיגט מיר, האט קיין פעראיבעל ניט... יעצט איז געענדיגט... (זי שטעלט זיך, פערריכט דעם פייער אין אייוועז, וואו עס ווארעמט זיך איין קליינער קעסל, ווישט אוים די ארטען און געהט נייהען. זשאן געהט צו צו די אפענע טיר. אויף'ן גאס איז שוין פינסטער. די פאבריק בליסטשעט מיט פיעל פייערען. עס הערען זיך די קלעפ פון די גרויסע האמערס. אויף'ן גאַס גיל געהען דורך ארבייטער, שטעלען זיך אפ, ריידען ניט הויך און געהען אוועק. מאדלענעס פאטער, לואי טיער, געהט ארויס פון די קראנקעס צימער).

## פיערטע ערשיינונג.

די זעלבע, לואי טיער.

לואי טיער. מאַדלענע, געה צו די מוטער. (ער דער-זעהט זשאַנ'ען) אַ, דאָס ביזט דו?

זשאַן. נו, וואָס הערט זיך?

לואי טיער. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ.) דער אומגליק געהט אונז נאָך. (מאַדלענע געהט צו די מוטערס צימער.) דאָס איז ניט קיין יושר!..

מאַדלענע. איך האָב געלייגט די קינדער שלאָפען... זיי האָבען אַזוי געוואָלט שלאָפען...

לואי טיער. און דו האָסט גוט געטאָהן... די מוטער וועט זיי מעהר צו זיך ניט רופען... זי קלערט שוין ניט וועגען דעם... זי קלעהרט שוין מעהר וועגען קיין זאַך ניט (צו זשאַנ'ען) מיר דערקענט זי נאָך, אָבער איך פערשטעה שוין ניט וואס זי רעדט (מאַדלענע געהט אַוועק).

## פינפטער ערשיינונג.

די זעלבע, אהן מאַדלענען.

לואי טיער. זי וועט ניט אויסלעבען די נאכט... און איך האָב נאָך איינגעשלאָפען ווי איין בהמה... איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אז דאָס זאָל טרעפען. וואָס וועט דאָס איצטער זיין מיט אונז אָהן איהר!.. (זשאן געהט ארום איבע'ן צימער, פערכמארעט און פערקלעמט. ער פערמאכט די ארייגאַנגס טיר און זעצט זיך נעבען איינועלע. לואי טיער קיקט אויף די קינדער). וואָס וועט דאָס זיין מיט זיי, מיין גאָט?

זשאן. עס וועט זיין נאָך מעהר אָרימקייט... נאָך מעהר צרות... מעהר נויטה.

לואי טיער. דאָס איז אהן יושר...

זשאן. זיי וועלען אזוי אומגעבראכט ווערען, ווי עס זיינען אומגעבראכט געוואָרען די ביידע עלטערע.

לואי טיער. דאָס איז אָהן יושר... אָהן יושר.

זשאן. וואָס איז אהן יושר?

לואי טיער. איך האָב קיינמאָל קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָהן... איך בין אללע מאָל געוועזן איין גוטער אַרבייטער.

זשאָן. נו, טאָ וואָס זשע איז?



לואי טיער. אָט דאָס איז... דאָס זאָג איך דאָס, אז דאָס איז אומגערעכט.

זשאַן. ניין... רעכט אַזוי... אויב דו ווילסט אַליין... אויב דו ווילסט דאָס למען השם... אַליין!...

לואי טיער. ניין... ניין... שווייג... רייד ניט וועגען דעם איצטער... איך בין צו אומגליקליך!..

זשאַן. דאַן וועל איך וואַרטען. איך וועל וואַרטען, ביז וואַנען דו וועסט ווערען גליקליך, איך וועל וואַרטען, ביז וואַנען דו וועסט שטאַרבען, ביז וואַנען מאַדלענע וועט שטאַרבען... ביז וואַנען אַללע וועלען דאָ אויסשטאַרבען... עס וועט אויסקומען ניט לאַנג צו וואַרטען... דו זעהסט דוכט זיך גאָר ניט, וואָס עס טהוט זיך אַרום... דו האָסט קיינמאָל ניט בעמערקט די פערוועלקטע גע-זיכט פון דיין טאָכטער, איהר פערמאַטערטען גאַנג ווי פון איין אַלטע אידענע... אין אַכטצעהן יאָהר!.. דו זעהסט ניט איהרע איינגע-פאַלענע באַקען... איהרע בלאַסע ליפען און די שוואַכינקע, אויס-געראַרטע הענטלאַך פון די אומגליקליכע ברעקלאַך!

לואי טיער. רייד ניט וועגען דעם. (נעמט אַרויס פון אַלמער אַ שטיקעל ברויט) איך בין דאָך ניט הונגעריג... און פון נעכטען אָן האָב איך קיין זאַך אין מויל ניט גענומען... עס איז ניט געוועזן קיין צייט... און איצטער גייט קיין ביסען אויך ניט איין... ער שטעלט זיך אין האַלז. (ער לייגט צוריק אַריין די ברויט אין אַלמער, פערטרינקט אַביסל וואַסער און זעצט זיך אויך. אַלאַנ-גער שווייגען). און דו? דו געהסט אויך ניט היינט אַוועק אויפ'ן פאַבריק?

זשאַן. ניין, ניין... איך שווער דיר, אַז ניין! (ער גייט צו צו לואי טיער און נעמט איהם פאַר'ן פלייצע) דו וועסט האָבען איבריגע הוצאות און דו האָסט נעוויס מעהר קיין געלד ניט... נעהם... (ער גיט לואי טיער'ן עטליכע מטבעות).

לואי טיער. איך בין שוין אַזוי אויך דיר אַ גרויסער בעל-חוב.

זשאַן. דאָס איז געלד, וועלכע מיר האָבען ביידע צוזאַמ-מען פערדינט. זיי געהערען דיר. (לואי דאַנקט שווייגענדיגערהייד און זיצט ווי פריהער, אומעטיג אַראָפּגעלאָזען די קאָפּ. זשאַן גייט אַרום איבער'ן צימער. מען קלאַפּט אין טיר) עס קלאַפּט ווער אין טיר... דו הערסט? (מען קלאַפּט ווייטער).

לואי טיער. געהט אַריין... (עס קומען אַריין ראָבערט און זשענעוויעווע, וועלכע טראָגט אין האַנד אַ קערבל... זשענעוו-יעווע איז איינפאַך אָנגעטהאָן)

## זעקסטע ערשיינונג.

שענעוויעווע, ראָבערט, זשאַן, לואי טיער.

לואי טיער. אָ, פֿריילין זשענעוויעווע, הערר ראָבערט!.. איהר זייט, הייסט דאָס, צוריקגעקוממען צו אונז, הערר ראָבערט! אַ ציים האָבען מיר אייך ניט געזעהן!

ראָבערט. איך בין אָקאָרשט ערסט געקוממען צו פֿאָהרען, זשענעוויעווע האָט מיר געזאָגט אַז אייער ווייב איז זעהר קראַנק, אָרימער טיער! (דריקט איהם די האַנד).

לואי טיער. יע, יע... אונז האָט געטראָפֿען אַ גרויסער אונגליק, הערר ראָבערט!..

זשענעוויעווע. (שטעלט אוועק די קערבל אויפֿ'ן טיש) נו, וואָס?.. וואָס מאַכט זי היינטיגען אָוועגד?

לואי טיער. אַך, פֿריילין, זעהר שלעכט... זעהר שלעכט!..

זשענעוויעווע. וואָס איז איהר דאָס?

לואי טיער. זי איז זעהר אויסגעצעהרט... זי האָט מעהר קיין כוחות ניט צו לעבען, זי האָט שוין גאָר קיין כוחות ניט... זי שטאַרבט אוועק פֿון צופֿיעל צרות, פֿון נויט, פֿון אַרבייט איבער די כוחות...

זשענעוויעווע. איהר זייט אומזיסט אַזוי צוטראָגען... איך בין אין דעם איבערצייגט... זי דאַרף האָבען רוה און מיטלען צום קרעפֿטיגען. איך האָב איהר טאַקע געבראַכט גוטע אַלטוויין און אַפֿולע אַנדערע גוטע זאַכען, זי וועט דערפֿון אין גיכען געווים ווערען געזונד.

לואי טיער. אָ, פֿריילין! איהר זייט צו גוט!.. אָבער זי קען שוין מעהר קיין זאַך ניט עסען... זי איז פֿערלאָרען...

זשענעוויעווע. ריכטיג? איהר קענט זיך גאָר ניט פֿאָר־שטעלען, ווי איך בין זיך פֿון דעם מצער... אַזוינע געטרייע איבער־געגעבענע אַלטע דיענער... איהר זייט אַזוינע וואוילע מענשען און מיר האָבען אייך זעהר ליעב... איך קען איהר אפשר אַ קוק טהאָן?

לואי טיער. פֿערשטייט זיך, איהר קענט, פֿריילין!

זשענעוויעווע. (זי טרעט אָפּ אַביסל צוריק) זי האָט זיך פֿונדעסטוועגען ניט זעהר אומגעביטען!... זי זעהט ניט אויס זעהר שרעקליך?.. ווייל איך קען ניט איבערטראָגען קיין שרעק־ליכע זאַך...

לואי טיער. אָ, זי איז זעהר רוהיג אויפֿ'ן געזיכט. עס דוכט זיך אוים אַז זי שלאָפֿט... זי וועט זיין זעהר גליקליך, וואָס זי וועט אייך זעהן דעם לעצטען מאָהל...



זשענעוויעווע. וואָס הייסט דעם לעצטען מאָל? איך וועל נאָך קוממען... איך וועל יעדער טאָג אַריינקוממען... איהר וועט זעהן אַז מיר וועלען איהר אויסהיילען. (זי בעמערקט די קינ־דער) און די שלאָפֿעדיגע מלאָכים'לעך?.. וואָס פֿאַר אַ ליעבינקע!.. און מאַדלענע?..

לואי טיער. זי איז נעבען דער מוטטער.

זשענעוויעווע. וואָס פֿיר אַ וואוילע מיידעל זי איז! פֿאַר וואָס קומט זי צו מיר קיין מאָל ניט? זאָגט איהר, זאָל זי אָפֿ־טער אַריינקוממען צו מיר!

לואי טיער. זי איז אביסל פֿערווילדעט.

זשענעוויעווע. איך וועל איהר אַיינגעוואוינען... איך האָב איהר זעהר ליעב... זאָגט איהר, אַז איך האָב איהר זעהר ליעב!.. אַך, די אָרעמע קלעמאַנס (קוקט איבער מיט איין צווייטען בליק מאַדלענעם געגייה). איהר געדיינקט ווי זי פֿלעגט צו מיר קומען פֿאָזירען, זי האָט געהאַט אַזאַ אומעדיגע, אַזאַ וואונדער־שיינע קאָפּ! אַיין אמת'ע הייליגע טרויער־מוטער! ווי דאָס איז היינט ריה־רענד! (זי גייט צו צו טיערען) איך וועל אַייך אויסמאָלען דעם פּאָרטריעט, אַיין גרויסען פּאָרטרעט פֿון קלעמאַנס! (ראָבערט דריקט אוים מיט אונגעדולדיגע תנועות דעם קאָנפֿוז, וואָס זשענעוויעווס ווערטער רופֿען ביי אים אַרוים).

לואי טיער. אָ, פֿריילין!

זשענעוויעווע. יע, יע... איך וועל אַייך אויסמאָהלען אַיין גרויסען פּאָרטרעט איהרען! ביטע, פֿיהרט מיר צו צו איהר... איך וויל איהר זעהן... וואָס פֿאַר אַיין אונגליק. אַזוינע עהרליכע וואוילע לייט און זיינען שוין בייא אונז אַזוי לאַנג.

לואי טיער. שיין 21 יאָהר, פֿריילין!

זשענעוויעווע. 21 יאָהר. זאָגט נאָר. גרויסאַרטיג! (זיא ווייזט אויפֿ'ן קאָרב) דאָ איז דאָ קאַנפֿעקטען פֿאַר דיא קליינע קינדער און אַיין קאָרסאַז פֿאַר מאַרלענען. (זיא גייט צוא צו די טיר פֿון צימער, וואָס אויף לינקס, בעגלייט פֿון לואי טיער). וואָס ליידען דאָס וועט מיר אָנטאָן! (זשענעוויעווע און לואי טיער גייהען אוועק אין דיא קראַנקעס צימער. דיא גאַנצע צייט פֿון דער סצענע זיצט זשאַן, צייטענווייז אָנקוקענדיג אויף זשענעוויעווען מיט האַס און ראָבערטען מיט אַיין אויפֿמערקזאַמע נייגעריגקייט. פֿערבלייבענדיג מיט ראָבערטען, הויבט ער זיך אויף, נעמט זיין היטל און גייט פּאַמעלאַך צום טיר, זיך מאַכענדיג אַז ער קוקט גאָר ניט אויף ראָבערטען. דורך דיא אָפֿענע טיר זעהט זיך דיא גאַנצע צייט די פֿאַבריק, וואָס פֿינקעלט מיט פֿייער און איז אַיינגעהילט אין רויך. פֿון פֿאַבריק הערט זיך אַיין גערויש).

## זיעבּעטע ערשיינונג.

זשאַן, ראָבּערט.

זשאַן. יע..

ראָבּערט. די סבה פֿון אייער אַנטלויפֿען בין איך?!

זשאַן. עס קען זיין... ניין...

ראָבּערט. איהר זייט איין אַרבייטער פֿון פֿאַבּריק?

זשאַן. וואָס האָט דאָס צו אייך?.. איך... צו איין אַנדערער! (ער וויל אַוועקגעהן).

ראָבּערט. פֿערבּלייבּט, איך בעט אייך!.. זאָגט מיר אייער נאָמען?

זשאַן. איך האָבּ קיין נאָמען ניט...

ראָבּערט. א!... (איין קורצער שווייגען) פֿאַר וואָס רעדט איהר מיט מיר אַזוי? איהר קענט מיר ניט...

זשאַן. וואָס פֿרעגט איהר מיר אַזוי פֿערנאַנדער? איך האָבּ אייך ניט וואָס צוא זאָגען!

ראָבּערט. (שטרעקט איהם אויס די האַנד). איך בין אייערער אַ גוטער פֿריינד.

זשאַן. (קוקט איהם אַרום פֿון קאָפּ ביז דיא פיס, מיט גרייסקייט) יע, יע, איך ווייס... אַשאלה דאָס איז!.. דעם בעל-הבית אַזון, איין רעוואָלוציאָנער, און איין סאָציאַליסט און אפשר גאַר איין אַנאַרכיסט!.. דאָס איז איצט זייער מאָדע אין דיא בורזשואַזע קרייזען... עס קלינגט אַזוי גוט... עס איז אַזוי גרויס-אַרטיג... און עס האַרמאָנירט אַזוי מיט דיא מיליאָנען, וואָס מיר פֿערהאָרעווען פֿיר אייך. (האַרט) לאָזט מיר צו רוה!

ראָבּערט. איך פֿערוועהר אייך צוא צווייפֿלען אין מיין ערנסטקייט.

זשאַן. און איך... איך פֿערוועהר אייך צו האַלטען מיר פֿאַר איין נאַר.

ראָבּערט. איך האָבּ שוין דערוויזען אין טהאַט און וועל נאָך דערווייזען...

זשאַן. אייערע רעדעס?... אייערע אַרטיקלען?.. אייערע ביכער? איך ווייס פֿון זייא... איך האָבּ זייא געלייענט... יע, איך האָבּ זייא געלייענט... מען קען ניט זאָגען, עס ריהרט טאַקע... שליכען שלום... אַלגעמיינע גליק... ברידערליכקייט!... און וואָס נאָך? יע, איהר זינגט זיך גאַנץ ניט אייער ליעדעלע! אָבער, איהר ווייסט, אַז מיר געפֿעלט בעסער אייער פֿאָטער...



ער איז שטרייננ, אונבּרחמנות׳דיג... ער דערהאַרגעט אונז מיט אַרבּייט און מיט הונגער... אָבער אַם וויינינגסטען, ער קען אונז ניט פֿערפֿיהרען אין אַטעות!..

ראָבּערט. מען רעדט דאָ ניט וועגען מיין פֿאָטער... מען רעדט וועגען מיר.

זשאַן. וועגען אייך?.. (ער קוועטשט מיט דיא פּלייצעס). געהט מיט אייערע שיינע ריידעלאַך צו אַנדערע אַרבּייטער... צוא אָרימע ביטערע עם-הארצים, וואָס ווייסען, ניט וואָס זייא ווילען און וואָס גלויבען נאָך אין דעם כח פֿון ווערטער... איך אָבער... איך גלייבּ נאָר אין דעם כח פֿון טהאַטען... און איך ווייס וואָס איך וויל!

ראָבּערט. (טרויעריג) צו ווייסט איהר דאָס אין אמת׳ן?

זשאַן. (מיט איין היציגען כעס) איך וויל לעבּען... לעבּען קערפּערליך און גייסטליך — לעבּען מיט אַלע מיינע געפֿיהלען, מיט אַלע מיינע פֿעהיגקייטען, אָנשטאָט צו זיין איין בהמה אויף וועלכע מען שמייסט, אָדער איין אונבּעוואוסטזיניגער מאַשין, וועלכע מען לאָזט אַוועק, זי זאָל אַרבּייטען פֿיר אַנדערע... איך וויל זיין אַמענש, מיט איין וואָרט, איך וויל זיין אַמענש פֿיר זיך אַליין!.. און איינגענטליך, איך ווייס אַליין ניט, צו וואָס דערצייל איך אייך דאָס אַלץ... דאָס איז מיין זאַך און ניט אייערע... זייט געזונד! (ער וויל אַוועקגעהן).

ראָבּערט. (האַלט איהם אָפּ) און וויא איז, אַז איך האָבּ אייך געבּראַכט דעם מיטעל, וויא צו זיין אָט אַזאַ מענש און וויא צו לעבּען?

זשאַן. אַזוי נאָר!.. אנדבה?... אייער שוועסטער׳ס קערבּל?.. דיא ברעקלאַך פֿון אייער טיש... דעם געטליכען גנאַד פֿיר גאַנצע פֿינף פֿראַנק, ניין אפשר?.. און דיא גאַנצע בעליידיגונג פֿון אייער מיטלייד...

ראָבּערט. ניין, ניט קיין נדבה, ניט קיין מיטלייד... דעם גלויבען אין זיך אַליין...

זשאַן. (שטראַשענדיג). דאָס גלויבען איז ביי מיר דאָ...

ראָבּערט. און דאָס גלויבען אין מיר.

זשאַן. (מיט איין איראָניע) איך דאַנק אייך זעהר פֿיר אַזאַ מתנה.. איך ווייס וואָס זיא איז ווערט... יע, איהר זייט דאָ בּעוואוסט און בּעליעבּט... אין פֿייער, אין רויך, פֿערבּרענטע, פֿערצאַפּעלטע, דערשטיקטע אונטער דער שווערקייט פֿון דעם צושמאָלצענעם מעטאַל, אַרבּייטען דאָ טויזענדער מענשליכע בּעשעפֿענישען און האָפֿען פֿון אייך צו בּעקומען... וואָס, ווייסען

זייא אַליין ניט... איהר זייט פיר זייא בייא היינטיגען טאָג דער ו ייטער חלום פון דיא צוקונפטיגע פרייהייט. אייער נאָמען וויעגט זיי איין מיט פוסטע חלומות, איהר שלעפּערט איין זייער אונצופרידענהייט... און מאָרגען וועט איהר זיין... נו, זייט זיך מודה... איין דעפוטאַט?

ראָבערט. מאַכט ניט פון מיר קיין שפּאַס... דאָס פּאַסט ניט פיר אייך... און ניט פאַר מיר!..

זשאַן. (זעהר ערנסט) איך מאַך שפּאַס?! צוא דען לאַך איך ווירקליך אָפּ?.. (ער ווייזט אויף דעם צימער פון דיא גוססה און רעדט מיט אַ פערשטיקטע שטיממע) דאָ... אָט... אין דיא שטוב, אויף דעם שוועל פון די שטוב, אויף דעם שוועל פון דעם צימער, אין וועלכע איין אָרימע פרויא שטאַרבט צוליעב אייך, וויא עס זיינען געשטאָרבען צוליעב אייך איהרע צווייא זיהן... צוואַנציגיאָהריגע... יונגע לייט... וויא עס וועלען גיך דיא אויך שטאַרבען (ער ווייזט אויף די שלאָפעדיגע קינדער). אויך צוליעב אייך... און איהר זאָגט, אַז איהר האָט מיר געבראַכט אַהער לעבען... איהר זאָגט מיר צו גליק?.. גייט אויפ'ן בית עלמין, אויף דעם קליינינקען בית־עלמין, פון וועלכען עס דערטראָגט זיך צו אונז פון אָוועגד אַזאַ שעדליכער אויד, וויא דיא לופט פון אַייערע פאַבריקען... געהט אַקאָרשט אַהין. גראָבט פונאַנדער דאָרטען די ערד און ציילט איבער די אַלע, וואָס זיינען געשטאָרבען צוליעב אייך... יע, צוליעב אייך... כדי איהר זאָלט קענען קויפען זיך לוקסוס, איהר זאָלט זיך קענען היינט אָנרופען פיר איין פריינד פון מיינע ליידען... און פון מיין אָרימקייט... פיר מיין פריינד!.. וואָס איז דאָס אַזוינס?.. וויפיעל צאָהלט איך דערפאַר אייער פאָטער?

ראָבערט. (אַראָפגעפאַלען) פאַר וואָס בעליידיגט איהר מיר?..

זשאַן. צוא איינסזעט ניט? איז דאָס דען ניט קלאָר?! צווישען דיא אַרבייטער איז איין אונצופרידענהייט. ניט קוקענדיג אויף אונזער אינטערטעניגקייט און אונוויסענהייט וועט מאָרגען... קען זיין א יפּפּ'אַקערען איין שטרייק!... אָבער אייער פאָטער איז גענוג רייך אויסצוהאַלטען אַזאַ קלאַפּ... דיא שטרייקען זיינען דאָך עפּטער געפעהרליך פאַר אונז אַליין, וועלכע בעצאָהלען סוף כל סוף פיר דעם שאָדען מיט נאָך איין גרעסערע שקלאַפעריי און אָרימקייט און אָפט אויך מיט אונזער בלוט... דאָס איז פערשטייט זיך אַזוי, אָבער דאָ איז אַללע מאָל פאַראַן איין געוויסע אונבעוואוסטקייט... מען האָט פאָרט מורא פאַרן זאַוואָד, אי פאַר'ן פערמעגען און לסוף אויך פשוט פאַר דער הכנסה. אָט דאָ האָט זיך אונטערגעדרייט אייער בעליבטקייט... זייא האָבען זיך געכאַפּט. אַז אייער זיין דערביי וועט אַלץ ברייגגען אין אָרדנונג און איהר



האָט זיך גלייך אָפגערופען... נו, וואָס זשע... וויפיעל בעצאָהלט אייך אייער פאָטער פאַר דיעזע ליעבע מיטהילף?

ראָבערט. פאַר וואָס בעליידיגט איהר מיר? איך ווענד זיך צו אייך מיט איין אויסגעשטרעקטע האַנד און מיט איין ברידערליכעם האַרץ... איך שוועהר אייך... און איהר בעליידיגט מיר! איהר רעכענט זיך פאַר אַפרייען מענשען, און איהר קענט ניט און איהר ווילט ניט זיך שטעלען העכער פון דיא איינגלייבונגען פון דעם עם הארץ און דעם נקמה־גייסט פון דעם סעקטאַנט. איך שריי צו אייך: „לאָמיר גיין צוזאַממען אַנטקעגען דיא צוקונפט, וואָס איז בעלויכטען מיט דעם ליכט פון וויסענשאַפט און ליעבע...“ און איהר... איהר זינקט אַלס טיעפער אין דעם פערגאַנגענהייט, וואָס איז פערפינסטערט מיט אָהנמעכטיגע פיינדשאַפט... וואָס זאָל איך אייך נאָך זאָגען?

זשאַן. (אביסל בערוהיגט און צוטומעלט פון ראָבערט'ס ווערטער). זאָל זיין אַזוי... זאָל זיין, איהר זייט איין עהרליכער מענש... עס קען זיין, אַז איך האָב געהאַט איין טעות... איך וויים ניט... איך וויים גאָר ניט... אָבער וואָס זייט איהר צוא מיר געקוממען?.. איך האָב אייך דען גערופען?.. אונזערע וועגען זיינען פערשיעדען... און מיר דאַרפען זיך ניט בעגעגענען.

ראָבערט. פאַר וואָס רעכענט איהר אַזוי, אויב איהר ווייסט אַזוי שלעכט, ווער איך בין?

זשאַן. אונז מיט אייך צוטיילען צופיעל זאַכען, וועלכע מיר קענען ניט און טאָרען ניט פעראייניגען.

ראָבערט. צווייטען ליידענדע קענען ניט זיין אַזוינע פערצאַמונגען.

זשאַן. דאָס זיינען אַלין פראַזען.

ראָבערט. ווען איך בין מיט איינינע מינוט צוריק אַריינגעגאַנגען אַהער, האָט איהר מיר בעזונדערם פעראינטערעסירט... איך האָב ניט געוואוסט, ווער איהר זייט, נאָר איך האָב דערפיהלט, דערזעהענדיג אייער געזיכט, אייער אומעדיגע און ערנסטע געזיכט, דערזעהענדיג איין אומעט... איין אומענדליכען אומעט אין אייערע אויגען, וואָס איהר האָט אויף מיר אויסגעשטעלט... איך האָב דערפיהלט... אַז איך האָב אייך ליעב... מיר האָט פערוואָלט זיך דורכריידען מיט אייך... מיר האָט זיך פערוואָלט אַרויסזאָגען אייך דיא ברידערליכע געפיהלען, מיט וועלכע מיין האַרץ איז פול... און מעהר גאָר ניט... און איהר שטויסט מיר אָפּ... איך וויים ניט, וואָס זאָל איך אייך נאָך זאָגען...

זשאַן. אָט זעהט איהר!..

ראָבערט. אייער אונצוטרוי צוא מיר פֿערוואונדערט מיר ניט, ווייל איך פֿערשטיי אין אייך אײן מעכטיגע נשמה, וואָס איז פֿערוואונדעט און אָפּגענאַרט מיט האָפֿנונגען, וואָס זיינען ניט מקיים געוואָרען... אָבער איך פֿערשווער אײַך... הערט מיר אויס, ווי איהר וואָלט אייסהערען אײן פֿערבייגעהענדען, וואָס איהר וואָלט בעגעגענט אייפֿ'ן וועג צו אייער ציעל און וועלכער גייט אויך צו דער זעלבער ציעל... איך בין ניט דער, פֿיר וועלכען איהר נעמט מיר אָן... איך האָב זיך ענטזאַגט פֿון די אַללע איינגלויבונגען פֿון מיין קלאַסס... איך האָב זיך ענטזאַגט פֿון אַללע ווינאָדעס און זכיות וואָס מיין מזל האָט געשיינקט מיין יוגענד... איך דאַרף זיי ניט האָבען. איך בין אַזאַ אַרבייטער, איך האָרעווע אויך אַזוי ווי איהר און איך האָף נור אויף זיך... איך לעב נאָר פֿון מיין אייגענע פראַצע.

זשאַן. און איך... איך שטאַרב פֿון איהר! (ער חאַפּט מיט אַבּאָהל ראָבערט'ן פֿירן האַנד, שלעפּט איהם צו צום טיר פֿון גאָס און מיט אײן שטאַרקען מאַך מיט'ן האַנד ווייזט ער איהם אויף די פֿאַבריק, וואָס פֿלאַכט אין דער פֿינסטערניס. אין ריידען ווערט זשאַנ'ס שטימע העכער און הילכיגער). אָט דאָס... אָט דער פֿלאַם... דער רויך, די יסורים, די פֿערפֿלוכטע מאַשינען, וועלכע פֿערניכטען און פֿרעסען אויף יעדען טאָג יעדע שעה מיין מאַרך, מיין האַרץ, מיין רעכט אויף גליק און לעבען... אָט... אָט זיי די פֿייערדיגע מיילער פֿון דעם ברען-אייוועז, די היגאַנטשע קופּעס גליהענדע קוי-לען... די דאַכפּף-קעסלען, וועלכע פֿערצעהרען... מיין פֿלייש, מיין ווילען, מיין פֿרייהייט... לאָפּעטעסווייז... אום צו בעשאַפֿען פֿון זיי רייכטום און כח פֿאַר אײן מענשען... נו, פֿערלעשט דאָס אַלץ... פֿערניכטעט דאָס... (ער וואַרפֿט אַוועק גראָב ראָבערט'ס האַנד) און דאַן וועלען מיר ריידען מיט אייך.

ראָבערט. שטילער, מיין עלענדער... דאָ שטאַרבט איין פֿרוי... עס שלאָפֿען קליינע קינדער! (ראָבערט פֿערמאַכט די טיר. זשאַן פֿערגייט טיעף אויפֿ'ן סצענע און פֿאַלט אַנידער אויף איין שטול דריקענד זיין קאָפּ מיט די הענד. אַ שווייגען. ראָבערט גייט צו צו זשאַנען און ריהרט זיך צו צו זיין פּלייצע) איהר האָט זיך איצטער אַביסל בערוהיגט?.. (זשאַן הויבט אויף די אויגען אָהן רייד און קאָזט זיי דורשטיג אַריין אין ראָבערטען). גיט מיר אייער האַנד.

זשאַן. איך בין געווען אונגערעכט... איך...

ראָבערט. (שלאָגט איהם איבער ווייך) רעדט מער גאָר ניט... אָה! אייערע ליידען, איך פֿערשטייה זיי, זיי זיינען אויך מיינע! (אַ שווייגען. עס געהען אַריין זשענעוויעווע און מאַדלענע. לואי טער בעוויזט זיך אין טיר און נאָך איין שטומען אָפּשיעד נע-מען גייט ער צוריק אַריין אין די קראַנקעס צימער).



## אכטע ערשיינונג.

### זשענעוויעווע, מאַדלענע, ראָבערט, זשאַן.

זשענעוויעווע. (צו מאַדלענען). מעהר מוטה, מאַד-לענע!.. אייך שטעהען פֿאָר אַזעלכע שווערע מינוטען... איך האָב אויך געהאַט אַזאַ צער... איך פֿיהל אייך מיט מיט'ן גאַנצען האַרצען.

מאַדלענע. איך דאַנק אייך, פֿריילין.

זשענעוויעווע. בעזונדערס פֿערגעסט ניט, אַז איך בין אייער פֿריינד...

מאַדלענע. יע, פֿריילין...

זשענעוויעווע. צום ווידערזעהן!.. איך וועל מאָרגען אין דער פֿריה שיקען פֿרעגען, וואָס הערט זיך נייעס... מוטה, מעהר מוטה! (זי קושט זיך מיט מאַדלענען. ראָבערט דריקט איהר די האַנד) ביז מאָרגען. (זיי געהען ביידע אַוועק).

## ניינטע ערשיינונג.

### זשאַן, מאַדלענע.

מאַדלענע. נו, אָט. (זי בעמערקט די קאָרב און קערט זיך אום צו זשאַנען, וועלכער זיצט נאָך אויפֿ'ן שטול).

זשאַן. יע, דאָס האָט זי געבראַכט די קערבל (מיט בי-טערקייט). דאָ איז פֿאַר אייך איין קאָרסאַזש... קאָנפֿעטען פֿאַר די קינדער... און וויין פֿאַר די מוטטער!.. אַ גרויסע בעל-רחמנות!

מאַדלענע. (זי נעמט די קאָרב און שטעלט איהר אַוועק אויפֿ'ן געשיר-אַלמער) זי טוט, וואָס זי קען.. (אַ שווייגען. מאַדלענע זעצט זיך ווידער צום טיש און נעמט זיך צו דער אַרבייט).

זשאַן. (גייט צו נעבען מאַדלענען און שפּאַרט זיך אָן אָן דעם שטול, אויף וועלכען זי זיצט). מאַדלענע!

מאַדלענע. וואָס איז, זשאַן?..

זשאַן. די נאַכט וועט זיין זעהר לאַנג... און איך פֿיהל, אַז איך בין ניט אים שטאַנד אוועקגעהן צו זיך... איהר ווילט, אַז איך זאָל דאָ אַביסל פֿערבלייבען... מיט אייך?..

מאַדלענע. יע, זשאַן, איך וויל זעהר... איהר זייט אַזאַ גוטער, וואָס איהר פֿערלאָזט מיר ניט, וואָס איהר פֿערלאָזט ניט דעם פֿאָטער... אויב דער אונגליק וועט אונז טרעפֿען די נאַכט... וועט איהר טרייסטען דעם פֿאָטער...

זשאַן. מיר וואָלט זיך אויך געוועלט אייך זאָגען דאָס, וועגען וואָס איך האָב נאָך מיט אייך ניט גערעדט.

מאַדלענע. רעדט, זשאַן... ווען איהר רעדט, פיהל איך זיך ניט אַזוי אונגליקליך.

זשאַן. אמת?

מאַדלענע. אמת. פון דער צייט אָן, וואָס איהר זייט אינזער פריינד און איהר געהט אַהער אַריין כמעט אַללע טאָג, כ׳לעבען, איך פיהל זיך ניט אַזוי אונגליקליך.

זשאַן. ליעבע מאַדלענע!

מאַדלענע. אַס וויינינגסטענס, אַזוי קומט מיר אויס... מען פערגעסט די צרות אויף איינינע מינוט... און אויף דער צייט זיינען זיי אַזוי ווי ניטאָ... אפילו די קינדער וויינען אויך ניט, בשעת איהר זייט דאָ... איהר ווייסט אַזוי גוט ווי צו ריידען מיט די קינדער, איהר לאָזט זיי שפרינגען ביי אייך אויף די קניע, איהר דערצעהלט זיי אַזוינע שינע מעשיות.

זשאַן. (צורודערט) דאָס, וואָס איך וויל אייך זאָגען, מאַדלענע, איז ניט קיין פריילִיכע מעשה. דאָס זיינען ערנסטע רייד, ווייל איך וויל מיט אייך ריידען וועגען מיין ליעבע, (מאַדלענע גיט זיך אַ־יהר). דיא מינוט, וואָס איך האָב אויסגעקליעבען צוא ריידען מיט אייך וועגען דעם איז אויך זעהר איין ערנסטע... (ער וויזט אויף דיא מוטטערס צימער) ווייל דאָרטען איז דער טויט!.. (מאַדלענע גיט אַציטער) מאַדלענע איך גיב אַוועק מיין לעבען... איהר ווילט מיר אַוועקגעבען אייערען? (מאַדלענע לייגט אָפּ דיא אַרבייט און קוקט אויף זשאַנ׳ען מיט אויגען, פולע מיט הייסע ליעבע און טרויער). מאַדלענע, ענטפערט מיר!

מאַדלענע. (מיט איין ציטערנדע און איין צורודורטע שטימע) איך קען ניט וואַרפען מיין פאָטער... איך קען ניט אַוועקוואַרפען דיא קינדער, וועלכע האָבען איצטער קיין אַנדערען ניט, הוין מיר.

זשאַן. איך פאָדער ניט פון אייך, איהר זאָלט זיך ענטזאַגען פון אייערע התחיבות. איך בעט אייך מעהר ניט, איהר זאָלט מיר ערלויבען אייך העלפען זייא ערפילען נאָך מיינע כחות נאָך... אַרבייט וועלען מיר האָבען גענוג פאַר צווייען...

מאַדלענע. מיין פאָטער האָט אייך ליעב, זשאַן... אָבער ער האָט מורא פאַר אייך... איהר זייט פאַר איהם איין רעטענים... און ער איז נאָך אַזאַ שרעקעדיגער! ער ווייס, אַז איהר זייט דאָ ניט אויף לאַנג, אַז איהר וועט גיך אַוועקפאָרען פון דאַנען... נאָך נעכטען האָט ער געזאָגט: „אַה! זשאַן האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ ניט קיין גוטס... מיט איהם וועט זיך אויסלאָזען ניט גוט!“.. דער פאָטער וועט ניט וועלען, איך זאָל זיין אייערע.

זשאַן. איהר געהערט זיך אַליין.. איהר געהערט קיינעם



ניט... נאָר זיך. אַחוץ אייך, האָט קיינער ניט קיין רעכט בעשטימען אייער שיקזאַל.

מאַדלענע. מיין שיקזאַל! ער איז אין דיא שטוב... מיט דיא וואָס וואוינען דאָ און נייטיגען זיך און דאַרפען מיר האָבען.

זשאַן. איהר האָט מיר ליעב?

מאַדלענע. איך האָב אייך ליעב פון ערשטען טאָג אָן, וואָס איהר זייט צוא אונז געקומטען.

זשאַן. נאָר וואָס זשע?

מאַדלענע. דאָך... מען טאָר גאָר ניט קלערען וועגען דעם, וואָס איהר רעדט... ווייל אויב איהר וועט אַוועקפאָהרען... קען איך ניט... טאָר איך ניט נאָכגיין נאָך אייך..

זשאַן. יע, איך קען אייך טאַקע ניט צוזאָגען; אַז איך וועל ניט אַוועקפאָהרען פון דאַנען... עס קענען פאָרקומען אַזוינע געשעהעניסען. איבער וועלכע איך וועל ניט האָבען דעם רשות צוא געוועלטיגען. (ענערגיש). עס קען אויך פאָרקומען, אַז אַרבעטן וועט אויסקומען אַוועקצופאָהרען פון דאַנען (איין קירצער שווייגען). אָבער אויף וויפיעל דאָס וועט אָפּהענגען פון מיר, וועל איך זעהן דאָ צו פערבלייבען

מאַדלענע. מען דאַרף ניט פערבלייבען צוליעב מיר, זשאַן. איך בין גאָר ניט אַנטקעגען דעם, וואָס איהר האָט בעשלאָסען אויסצופיהרען...

זשאַן. וואָס ווילט איהר מיט דעם זאָגען?

מאַדלענע. איך ווייס פון קיין זאַך ניט, ווייל איהר האָט מיר קיין זאַך ניט דערציילט, אָבער איך זעה שוין פון לאַנג נאָך אייערע אויגען דאָס, וואָס ביי אייך איז אויפ׳ן האַרצען. חוץ דעם, האָט איהר אָקאָרשט געזאָגט: „עס קען אויך טרעפען אַז אַלעבען וועט אויסקוממען אַוועקצופאָרען...“ (אַשווייגען).

זשאַן. (פערקלעהרט) איך האָב קיין זאַך ניט בעשלאָסען, מאַדלענע. איך האָב געטרוימט... יע, איך האָב געטרוימט, קען זיין, וועגען איינינע זאַכען... מעגליך, וועגען גרויסע זאַכען.. אָבער אויב איין פייערדיגער דורשט צוא טהעטיגקייט און צים קאַמפף וועט מיר ווייטער אָנטרייבען... איז מעהר ניט צוליעב אייך... דורך אייך.. און צוזאַממען מיט אייך!..

מאַדלענע. צוליעב מיר!.. צוזאַמען מיט מיר!.. איך בין איין אָרימע מיידל, איין אויסגעהאָרעוועטע און איין קראַנקע... איך בין ניט קיין שיינע!..

זשאַן. ניט קיין שיינע!.. אַ, מאַדלענע... איהר הערט ניט דיא אונפערשעממטע שיינהייט פון דיא רייכע, וואָס איז

שאפען דורך אונזער נויט און אונזער הונגער... איהר האט דיא שיינהייט, וועלכע איך האב ליעב, דיא הייליגע שיינהייט פון ליידען... און איך שטעל זיך אויף דיא קניע פאר אייך! (ער לאזט זיך אראפ אויף די קניע פאר מאדלענען און נעמט אן איהרע הענד) דאס ארימע און אבגעבליהטעם פנימל... דיזע פלייצעס, וואס זיינען שוין איינגעהויקערט... דיא הענד, דיא קליינע בלאסע הענד... דיא פינגער, וואס זיינען צושטאכען מיט'ן נאדל... דיא אויגען, דיא אויגען וואס זיינען רויט געווארען פון צרות און פון טרעהרען... איהר ווייסט ניט מיט וואס פאר איין מעכטיגע און הייליגע ליעבע האבען זיי פול געמאכט מיין הארץ... וויא זייא האבען אויפגעבלאזען אין מיר דיא שנאה!.. ניט קיין שיינע!.. ווייל איהר האט נאך ניט געהאט קיין יוגענד, ווייל איהר האט געלעבט דורכאוים אין ארימקייט.. איהר זייט וויא איין ארימע קריינינקע פלאנצונג, וואס האט קיין מאל ניט געזעהען קיין ליכט!... אבער אויב איך וועל אייך ברייגען ליכט, אויב איך וועל אייך אומקעהרען אייער יוגענד, אויב איך וועל מיט מיין ליעבע אפרייבען דעם שטעכפעל פון צער פון אייער געזיכט און פון אייער הארץ!..

מאדלענע. רעדט דאס מיר ניט, רעדט דאס ניט... איהר מאכט מיר וויינענדיג.

זשאן. און אייער נשמה! איהר מיינט, אז איך האב איהר ניט דערקענט צווישען די אללע אומיגע... דיא נשמה, וואס איז פול מיט ריינקייט, זעלבסטאפּפערונג מיט איין רוהיגע און איין שטילע העלדישקייט, (ער הויבט זיך אויף פון דיא קניע) נו, יע, איך האב זיך גענומען אויסצופיהרען דיא זאך פון נקמה און יושר... אבער צוא דען דארף איך האבען אזא חבר'טע וויא איהר... איך דארף האבען אפרוי מיט אזא שטארקע נשמה, וויא ביא אייך איז.

מאדלענע. זשאן, זאג דאס ניט. איך בעט אייך... איך בין ניט קיין שטארקע... איהר זעהט דאך... איך טוה נאר און וויין...

זשאן. ווייל איהר זייט אליין, גאר אליין, און איהר שטעהט פנים אל פנים, מיט אזייגע גרויזאמקייטען... אבער מיר ביידע, פעראייניגט דורך ליעבע, האבען ניט וואס מורא צוא האבען... אפילו פאר'ן טויט.

מאדלענע. (אויפגערעגט) איך שרעק זיך ניט פאר'ן טויט... איך האב ניט מורא פאר'ן טויט... איך האב נאר מורא אז איך וועל ניט האבען קיין קרעפטען צוא טהאן דאס, וואס איך דארף איצטער טהאן.

זשאן. איהר דארפט זיין גליקליך! און מיין חיוב איז



בעזארגען פיר אייך גליק... רערשלאגען זיך איהם פיר אייך!.. איך פיהל זיך היינט גענוג שטארק אויף דערויף! (ער זעצט זיך צוזאמען מיט מאדלענען). איך דארף עפענען פאר אייך מיין גאנצע הארץ! הערט מיר אוים... אז איך בין מיט א יאהר צוריק געקומען אהער, בין איך געוועזען זייער מיד, שרעקליך מיד, איך שווער אייך... מיין מוטה איז געפאללען אין קאמפף, איך האב פערלארען דעם גלויבען אין מענשען און אין זיך אליין... מיין לעבען האב איך אפגעגעבען אנדערע... איך האב איהם אויסגעניצט פאר אנדערע... נאר זיי האבען מיר ניט פערשטאנען... אין קיין ערגעץ האט מען מיר ניט פערשטאנען... און אין דער זעלבער צייט, מיין ארים קינד, בין איך געוועזען אין אפילע לענדער... איך בין געוועזען אין בראזיליען, אין ניו-יארק, אין שפאניען, אין בעלגיען, אין ענגלאנד, צפון און דרום פראנקרייך... אומעטום האב איך זיך אויסגעבשר'ט אין דעם פייער פון דער פראצע... און אומעטום האב איך נאר געזעהען געשייטקייט, ווי דעם מענשען צו עקספלואטירען... ווי שרעקליך דאס איז אלץ!.. אומעטום האב איך זיך אנגעשטויסען אויף ווילדע אונוויסענהייט, אויף אהנמעכטיגע בייזקייט, אויף די הארטע וואנד, וועלכע עס שטעלט פאר דעם פראלעטאריאט'ס מח!.. יעדען מאל, ווען איך האב זיך געפרובט אויפצוועקען דעם געוויסען אין די הערצער פון די ארומיגע... יעדען מאל, ווען איך האב גערעדט פאר דעם המון וועגען יושר און אופשטאנד, וועגען אחדות און שיינקייט... ערשט וואס! אנדערע האבען מיר אויסגעלאכט גלייך אין צורה, די צווייטע האבען מיר געמסר'ט, די דריטע פלעגען זאגען אז איך בין אונטערגעשיקט פון דער פאליציי! קנעכט און שטומע בהמות אהן לשון!..

מאדלענע. ניין, זשאן, זיי זיינען אללע אומגליקליכע, מען דארף נאך שטארקער אויף זיי רחמנות האבען, ווייל זיי קענען ניט פערשטעהן... אין דאס איז ניט זייער שולד!..

זשאן. (פערקלערט) דאס איז אמת! ווען זיי וואלטען פערשטיהן... (ער טהוט א בריימען מאך מיט'ן האנד).. וואלט די זאך שוין געוועזען אויסגעפירט (איין שווייגען). אללע וואלטען געווען גליקליך... (איין שווייגען, אין וועלכע זשאן פערטראכט זיך עפעס ערגעץ אין א טרוים)...

מאדלענע: מעהר וועט איהר קיין זאך ניט זאגען?

זשאן. (דערציילענדיג ווייטער זיין מעשה) יעדען מאל איז מיר בעשערט געוועזען מיעף אראפ צו פאלען פון דער הויך פון מיין חלום! און יעדען מאל פלעג איך אריינפאלען נאך אין איין גרעסערע ארימקייט און ליידען... מען האט מיר ארויסגעטריעבען פון ריא-זשאניירא, צוליעב איין שטרייק. איך האב געזוכט איין עיר-מקלט אין שפאניען, אבער דארטען האט מען אויף מיר געמסר'ט גלייך...

מען האט מיר חושד געווען אין איין אנא־כיסטישען צונויפרייד, מען האט מיר ארעסטירט אהן קיין גרונד און מען האט מיר פערמשפט גאר אהן שום בעוויזען... צוויי לאנגע יאהר — ווי האב איך נאר ניט איבערגעלאזען אין די הענד פון מיינע היינקער מיין שכל און מיין לעבען — צוויי יאהר האב איך זיך געוואלגערט אין די שרעקליכע געפיינגנים פון בארסעלאן... און אז איך בין ארויסגעגאנגען פון דארטען האב איך דערזעהען אין די הענד פון דעם המון, וואס איז געווארען ווי ווילדע חיות פון בלוט, איך האב דערזעהען מיין פריינד, בערנאל דיאס, געשמידט... דעם קינד מיט א הארץ פון א העלד. איך האב אייך שוין דערציילט וועגען איהם...

מאדלענע. יע, א, יע... דאס איז שרעקליך.

זשאן. איך האב געשווארען זיך נוקם צו זיין פאר איהם.. אבער אמאהל דער מורא... איהר ווייסט דאך, ווען אין מאגען איז ליידיג, איז אין הארצען אויך ליידיג... (איין שווייגען)

מאדלענע. אין נאכדעם?

זשאן. נאכדעם... איין פערפאלגטער, אהן ארבייט, אהן איין מקום מנוחה, וואגעלנדיג פון איין שטאדט אין די אנדערע... שטארבענדיג פון הונגער... בין איך דערגאנגען ביז בארדא. און דארטען האט מען מיר אריינגעווארפען אין טורמע דערפאר, וואס איך האב געגנב'עט ברויט...

מאדלענע. פיעל איהר האט אויסגעליטען!...

זשאן. יע, איך האב געליטען, אבער ניט אזוי פיעל פון די הונגער-טעג, ניט אזוי פון די נעכט, וואס איך האב פערבראכט אונטערן הוילען הימעל, ניט אזוי פון די ארימקייט, וואס דערהרגי'עט די בראדיאגעס אויף די וויסטע וועגען, וואו קיינער גייט ניט פערביי, און אין די שטערט, וואו מען שטויסט זיי אפ, — וויפיעל פון די טעמפע גלייכגילטיגקייט פון די מענשען, פון דעם פערשטיין פון אהנמעכטיגקייט איינצולערנען זיי ווי צו זוכען גליק. נאר מעהר פון אלץ האב איך געליטען פון זיך אליין... פון מיין קליינעם ענטוויקלונג, פון מיין אונוויסענהייט, פון די אונבעשטימטע בלאנזשענים, אין וועלכע עס פלעגט גיין פערלארען מיין גאנצער רייסען זיך צו טהאן עפעס. און אפט פלעג איך זיך אליין פרעגען, צו האב איך דאס רעכט ארויסצורייסען די אומגליקליכע פון דעם פינסטערניס פון זייער ניט-וויסען, כדי ווידער זיי אראפצולאזען, אפשר אין נאך איין טיעפערע פינסטערניס, אין וועלכע איך צאפעל זיך אליין מיט אזוי פיעל פיין... ראבערט ארגאנד איז געווען גערעכט... א, קיין זאך ניט וויסען, אין די מינוטען פון בעגייסטערונג זיך אליין אויסגליצען אהן די אייגענע הילפלאזיגקייט! און צו דערצו נאך דער שרעקליכער געדאנק, אז עס קען זיין אז אין ערגעץ איז ניטא קיין יושר!



מאדלענע. (מיט היץ) ווי... זשאן... איהר... איהר, וואס איהר ווייסט אזוי פיעל גרויסע וואהרהייטען, וואס רעדט וועגען אזוינע שיינע זאכען, וועלכע עס זיינען נאר דא אין די ביכער.

זשאן. אין ביכער איז דא אפילו נארישקייטען אויך, ארימע מאדלענע! (ער גלייכט זיך אויס) אבער איצטער איז דאס אלץ געענדיגט... איצט, ווען איך בין געקוממען אהער אהן האפנונגען און פערמאטערט פון אזוי לאנג וואנדערן... ווען איך האב האלט געקראגען דיזע ארימע שטוב, ווען איך האב דא געפונען איין פאמיליע, וועלכע איך האב נאך קיינמאל ניט געהאט... ווען איך האב אזוי צארט אייך ליעב געקראגען, מעהר, ווי איין פרויענצימער, איך האב אייך ליעב געקראגען, ווי איין ניי-ערוואכענעם גלויבען... יעצט זיינען אללע מיינע נייטיגע ליידען, אלע מיינע ספקות צוזייט... איך געדיינק זיי שוין מעהר ניט... צוזאממען מיט נייע קרעפטען און מיט א פראמעדיגען גלויבען און צוקונפט, האט זיך צו מיר אומגעקערט מיין גאנצער פריהערדיגער שטאלץ אין דאס האב איך דיר צו פערדאנקען, וואס איך בין געווארען איין נייער מענש, ווייל ניט דיר אליין האב איך האלט געקראגען. דו הערסט? אין דיר האב איך האלט געקראגען די גאנצע מענשהייט, די גאנצע צוקונפט און אללע מיינע וואנזיניגע חלומות וועגען איהם. (ער נעמט איהר ארום)

מאדלענע. (דריקט זיך צו איהם צו) שווייגט, א, שווייגט, זשאן... איהר דארפט מיר ניט ריידען אזעלכע ווערטער... דאס אלץ איז צו שיין!.. איך טאר ניט זיין אזוי גליקליך.

זשאן. מען קען ביי אונז צונעהמען אלץ, מאדלענע... אבער מען קען ביי אונז ניט צונעהמען דעם גליק, וועלכען מיר וועלען זיך אליין אויסשמידען... מיר וועלען פון היינט אן ביידע זיין שטארק אין קאמפף מיט'ן לעבען, דו דורך מיר, איך דורך דיר!

מאדלענע. (שטארק בעגייסטערט) דאס איז אונמעגליך... אונמעגליך!..

זשאן. ווען איך וועל זיך אומקעהרען אהיים, אין אונזער וואוינונג, פערמאטערט פון דער ארבייט און פון קאמפף און אפשר איין אויפגעבראכטער, איין פערצווייפעלטער, בעקלעהר נאר וואס פאר א פרייד דאס וועט זיין, וואס פאר א ליכטיגער שטראל!.. דיינע אויגען, מאדלענע, דיין שטימע, דיין גרויסע הארץ, מאדלענע, דיין גרויסער מוטה... מאדלענע!.. מאדלענע!..

מאדלענע. (שוואך) א, זשאן, זשאן, צו איז דאס מעגליך? אזוינע ארימע לייט ווי מיר, צו מארען מיר גאר קלעהרען וועגען אזא גליק?!.. און דו דארפסט וועגען מיר ניט קלעהרען בעסער, ווי איך בין אין דער אמת'ען...

זשאַן. דו ביזט דער מענש, וואָס אַ דאַנק דיר גלויב איך נאָך אין די צוקונפֿט!..

מאַדלענע. דאָס איז צופֿיעל... צופֿיעל... דו צוטומעלסט מיר אין גאַנצען... און אויב דאָס איז אונמעגליך? און וואָס וועט זיין אויב דאָס איז מעהר ניט ווי פֿערבייגעשוואונדען פֿערביי מיר?.. אָ! איך בין זיכער, איך וואָלט געשטאָרבען... (זשאַן נעמט איהר אַרום אונזיכער. מאַדלענע דריקט זיך צו צו איהם פֿעסט) פֿון וואַנען ביזטו געקוממען, מיין זשאַן, אויפֿצוטהאָן דעם נס? איך פֿיהל זיך אין דיינע אָרעמס שטאַרק און גרינג... איך פֿיעל מעהר ניט די שווערקייט פֿון מיין קערפער... און די שווערקייט אויף מיין האַרצען... איך בין גליקליך... גליקליך! (זי וויינט) אָ, דיין האַרץ קלאַפט ווי אַ האַמער!..

זשאַן. רייד מעהר גאָר ניט

מאַדלענע. יע... יע...

זשאַן. רוה זיך אָפּ אויף מיין ברוסט.

מאַדלענע. יע... יע... (אַ שווייגען. מיט אַ שוואַכע שטימע) און דער פֿאָטער און די קינדער...

זשאַן. (וויגט איהר איין) מיר וועלען זיי היטען... מיר וועלען זיי בעשיצען... (אַ שווייגען).

מאַדלענע. (אַזוי ווי אין חלום) גאָט! מיין גאָט! צו דען איז דאָס מעגליך? (אין מיטען רייסט זי זיך אַרויס פֿון זיינע אָרימס, ניט אַ שפרונג, הויבט אָן צו קוקען אויף די מוטטערס צימער און זאָגט פֿערשאָפּעט) און די מוטטער!.. די מוטטער... דאָרטען!..

זשאַן. (האָט זיך געשטעלט און קוקט אויך אַהין) מאַדלענע!

מאַדלענע. איך הער אַ געשרייה... דער פֿאָטער רופֿט מיר... (עס הערט זיך אַ פֿערשטיקטע שטימע: „מאַדלענע! מאַדלענע!) אָ! וָ! אַ צרה!

זשאַן. דער אונגליק האָט געטראָפֿען! (עס עפֿענט זיך די טיהר עס בעוויזט זיך לואַי טיער, זעהר בלייך, פֿעראומערט און שאָקעלט זיך).

## צעהנטע ערשיינונג.

### די זעלבע, לואַי טיער.

מאַדלענע. די מוטטער איז געשטאָרבען! די מוטטער איז געשטאָרבען!... (זי ניט זיך אַ וואָרף אין צימער. פֿון דאָרטען הערט זיך איהר שטימע, איהר געוויין, איהרע געשרייען: „מאַמע! מאַמע!..") די מוטטער איז געשטאָרבען!.. (לואַי טיער נעהט שאָקלענדיג זיך, זשאַן האַלט איהם אונטער און זעצט איהם



אַנידער אויף איין שטול, אויף וועלכען טיער פֿאַלט שווער אַנידער, דריקענדיג מיט די הענד דעם קאָפּ. פֿון פֿאַבריק הערט זיך איין רוישעריי און אַ קלאַפּעריי).

## עלפֿטע ערשיינונג.

(זשאַן, לואַי טיער, די אַלטע קאַטיאַר און עטליכע אַלטע ווייבער. די אַלטע קאַטיאַר און 3-2 שכנות בעווייזען זיך אין טיר. דערהערענדיג איין גערויש, קעהרט זשאַן אום די קאָפּ און מאַכט זיי איין צייכען, אַז דער אונגליק איז שוין פֿאָרגעקומען. די ווייבער ענטפֿערען מיט טרויער־זשעסטען, געהען אַוועק שווייגענדיג און פֿערמאַכען הינטער זיך די טיר).

## צוועלפֿטע ערשיינונג.

### לואַי טיער און זשאַן.

זשאַן. (נאָך איין קורצען שווייגען, שטייהענדיג נעבען לואַי טיער) בכן איז שוין אַלץ געענדיגט? (פֿון די מוטערס צימער דערטראָגט זיך די וויינענדע שטימע פֿון מאַדלענען. זשאַן פֿערמאַכט דאָרט די טיר און קעהרט זיך אום צו לואַי טיער׳ן). מיין אָרימער טיער!..

לואַי טיער. אַזאַ פֿרוי ווי זי! אַזאַ פֿרוי!.. איך ווער דערשטיקט... מיר איז ניט גוט... לופֿט... עפֿען די טיר... (זשאַן עפֿענט די טיר. די פֿאַבריק פֿלאַמט, איינגעהילט מיט איין אויפֿגעגליהטען פֿינקעלנדען רויך, דאָ מיט אַ רויטליכען און דאָ מיט איין גרינעם. אויפֿ׳ן הימעל איז איין העלער פֿייער, ווי פֿון אַ שרפֿה. עס הערט זיך אַ גהינום־גערויש, איין בראַזשגענען פֿון אייזען און דונערנדע קלעפּ פֿון די האַמערס. זשאַן קעהרט זיך אים צו לואַי טיער) אַזאַ פֿרוי ווי זי! אַזאַ פֿרוי...

זשאַן. (ער לאָזט דעם אַלטען איינינגע מינוטען זיך אָפּגעבען מיט זיין צער, נאָכדעם לייגט ער איהם זיין האַנד אויף די פּלייצע). זיי איין מאַנסביל, מיין אַלטער חבר!.. ניט דו אַליין ליידסט דאָ... גיב אַ טראַכט וועגען מאַדלענען... גיב אַ טראַכט וועגען די קינדער... איצטער איז פּונקט די צייט פֿאַר דיר אַרויסצוווייזען דיין גאַנצען מוט און שטאַרקייט... מען דאַרף פּרובען זיין שטאַרקער פֿאַר׳ן מלאך-המות...

לואַי טיער. (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ) אַ סוף צו אַלץ... אַ סוף צו אַלץ...

זשאַן. עס איז געענדיגט פֿאַר דיר... אמת... אָבער דערפֿאַר פֿאַר זיי הייבט זיך נאָך אַלץ אָן... חער זיך איין...

נעם צונייף דיינע קרעפטען און גיב א קוק גלייך אין געזיכט דיין צרה... עס איז געקומען די שעה...

לואי טיער. (אביסל אויפגערייצט) וואס זשע דארף איך טאן נאך דיין מיינונג?

זשאן. מען דארף ערפילען דעם חוב!

לואי טיער. (דערשראקען) נאר ניט היינט!.. רייד מיט מיר ניט וועגען דעם... ניין, ניין, ניט היינט!..

זשאן. (ווייזט איהם אויף דעם צימער, וואו עס ליגט דער מת). ווען זשע, אויב ניט אין דיא מינוט פון צער, קען איך בעסער זיך דורכריידען מיט דיר? איצטער וועסט דו טיעפער דערפיהלען און וועסט פערשטעהן מיינע רייד...

לואי טיער. לאז מיר צורוה... א, לאז מיר צורוה... איך קען ניט, איך קען ניט!..

זשאן. דו רעכענסט זיך אז דו מוזט זיין דאנקבאר אנטקעגען דעם בעל-הבית און זיין טאכטער, וועלכע איך וויל היינט דערשטיקט מיט גרויס פערגעניגען... זייערע טובות האלטען דיר איין? נו, מילא, לאמיר זיך דורכריידען וועגען דעם... שוין 27 יאהר ויא דו געניסט פון זייערע טובות!.. וואס זשע האסטו פון זייא געוואונען? נויט... חובות... און טויט, איינעם נאך דעם אנדערען...

לואי טיער. (פערשטאפט זיך דיא אויערען) לאז מיר צורוה... איך בעט דיר... זעה, איך בעט דיר...

זשאן. אבער בעקלעהר זיך אליין און קוק זיך ארום ארום זיך! דו שטעהסט איפ'ן שוועל פון עלטער, אויסגעדארט פון דיא דערשטיקענדע ארבייט, האלבדערשטיקט פון דער פערסמ'טע לופט, מיט וועלכען דו עטעמסט דא... דו ביזט איצטער נאר א סקעלעט פון אמענשען... דיינע צוויי עלטערע זיהן, וועלכע וואלטען דיר איצטער קענען אונטערשטיצען.. זייא זיינען געשטארבען אט פון דעם (ער ווייזט אויף דיא פאבריק), דיין ווייב אויך פון דעם. מאדלענע און דיינע קליינע עופעלעך, וועלכע דארפען האבען לופט, גוטע עסען און פרייליכקייט, כאטש אביסל פרייד און ליכט פון דער זון, וועלכע דארפען האבען אביסל גלויבען און האפנונג... שטארבען אויך פון דעם... פאמעלעך, טאג פאר טאג... און אלץ צוליעב עפעס טובות, וואס ברייננגען נאר מוטווילינע פיין, מעהר ניט, דו הערסט! צוליעב זייא גיסט דו אליין איבער אין דיא הענד פון דיינע גזלנים, פון דיא רוצחים פון דיין געזונד... דיין פרייהייט און דעם לעבען פון דיין פאמיליע... פאר ליגען, פאר שענדליכע נדבה, פאר אונגיצליכע טראנטעס, פאר דיא ברעקלאך פון זייער טיש, וואס זייא ווארפען דיר צוא פון רחמנות,



כדי צו שטילען דיין הונגער, וויא מען ווארפט צוא איין הונד איין ביין... פאר וואס עקשנס'ט דו זיך און דו ווילסט זיך ניט קלאגען און ווילסט ניט נעהמען דאס וואס דיר געהערט... דו ווילסט בלייבען איין צוגעוואוינטע הויז-בהמה, וואס טראגט דעם יאך געדולדיג אנשטאט צו שטעלען זיך העכער און ווערען איין מענש!

לואי טיער. ניין... ניין... ניט היינט!..

זשאן. דו זאגסט, ניט היינט?!.. טא ווען זשע?.. אויף וועמעס טויט ווארטסט דו נאך? אין דעם פערשאלטענעם טהאל פון טויט... דא אין דעם ארט פון פיין און שוידערהייטען, דא ליעגט אנ'אמת'ער פערברעכען אין דעם, וואס צייט גאנצע 100 יאהר דערוואגט זיך ניט קיינער אויפהייבען דיא שטימע, אויסגייהענדיג עמ'ל פון אויסגעמאטערטקייט און הונגער... אויב איך האב געטהאן דאס, וואס איך האב געטהאן... אויב איך האב געקענט געבען צוא פערשטעהן דיא נויטיגקייט פון איין איבערבייטונג, פון איין שטרייק פאר מענשען, וועלכע האבען קיין אנדער זאך ניט פערשטאנען, וויא אריבערצוטראגען דיא פיין און ניט איבעררייזען איין ווארט... אויב מיר האט געלונגען אויפצוטרייסלען דיא אונבעוועגליכע, פערקילטע נשמות, וואס האבען פערלארען דעם מוטה, האב איך דאס געטהאן צוליב דיר, מיין ארימער טיער, צוליעב דיינע נאהענטע, וועלכע איך האב אוועקגעגעבען מיין גאנצע ליעבע, מיין גאנצען מיטלייד! וויא זשע האסט דו דאס ניט דערפיהלט און וויא האט דאס דיין שכל זיך ניט אנגעצינדען אן דעם פלאם פון מיין שכל? און וויא האסט דו דאס אליין דורך דיינע צרות, וואס דו האסט אויסגעליטען, וויא ביזט דו דאס אליין ניט דערגאנגען צוא דעם, אז דו זאלסט זיך בעטראכטען: עס זיינען דא אין לעבען אזוינע טרויעריגע און הערא'אישע מאמענטען, ווען מען מוז זיין געגרייט אויף אלץ... ווען מען דארף קענען שטארבען פאר אנדערע...

לואי טיער. (מיט עקשנות, וויא איין קליין קינד) איך פערשטעה... פערשטעה... אבער אלץ ניט היינט... לאז מיר וויינען... רייד מיר מעהר היינט גאר ניט...

זשאן. נו, מילא גוט! אז דו וועסט מארגען דערזעהן, אז דיין הויז איז פערוויסט און פעריתום'ט געווארען און עס איז אין איהם ניטא יענע וועלכע דו האסט ליעב געהאט... דאן וועסט דו דערזעהן, אז כאטש דא איז ניטא דיא ארימע פערשטארבענע... אבער דער מלאך-המות איז נאך אלץ דא, ער נעהמט נאך אלץ ארום איבעריג שטוב... און ביינט זיך איין איבער יענע, וועלכע זיינען נאך געבליעבען מיט דיר... צוא אויף לאנג,

זעהסט דוא, דאָס ווייס איך ניט... דאַן ווערסט דוא אַליין מיט'ן אייגענעם ווילען קוממען צוא מיר און דוא ווערסט שרייען וועגען נקמה... דוא ביזט גערעכט... איך וועל דיר היינט מעהר קיין זאַך ניט זאָגען. רוה זיך אָפּ... לייג זיך דאָ צוא... (ער העלפט טיערן זיך שטעלען און האַלט איהם אונטער).

לואי טיער. (פֿאַרבייגייענדיג פֿאַרבייא דיא קינדערס בעטלאַך, זאָגט זיך פֿעראיקענדיג) אָרימע ברעקלעך... יתומים'לאַך... אָרימע מאַדלענע... יע... דאָס איז אונגערעכט... אונגערעכטיג!..

זשאַן. (לייגט איהם אַנידער אויפ'ן סעננין) זעה אַביסל איינשלאָפֿען... איך וואָלט דיר וועלען אַיינוויגען, וויא מען וויגט איין קליינע קינדער, שלאָף איין...

לואי טיער. (ווייזט אָן אויף דעם אַנדערן צימער) איך וואָלט איהר וועלען אַקוש טהאָן... איך האָב איהר קיין קוש ניט געטהאָן...

זשאַן. דוא ווערסט איהר נאָכדעם אַקוש טהאָן... איך וועל דיר צופֿיהרען צוא איהר געלעגער... שלאָף!..

לואי טיער. גאָט מיינער!.. גאָט מיינער!.. דאָס איז אונגערעכט, אונגערעכט... (אין דיא מינוט בעווייזט זיך טיעף אויפ'ן סצענע דיא אַלטע קאַטיאַר מיט איין צווייגעל מאַי).

## דרייצעהנסטע ערשיינונג.

דיא אַלטע קאַטיאַר, צוויא אַלטע ווייבער, לואי טיער, זשאַן.

זשאַן. (ווייזט קאַטיאַרען אויפ'ן צימער, די אַלטע געהט אַהין, לייגט אַוועק דעם צווייגעל מאַי, נאָכהער קערט זיא זיך אום און דורכגייהענדיג דורכ'ן סצענע, געהט זיא אַוועק. עס בעווייזט זיך נאָך אַנ'אַלטע מיט אַ דאָרן אין האַנד. זשאַן ווייזט איהר אויך דעם צימער. דיא אַלטע לייגט אַוועק דעם דאָרן, קערט זיך אום, געהט דורך דיא סצענע און געהט אַוועק. נאָך אַשכנ'הע בעווייזט זיך און טראָגט גאָר ניט אין האַנד. זיא לאָזט זיך אַראָפּ אויפ'ן שוועל פֿון צימער אויף די קניע, צלמ'ט זיך איבער, זאָגט שטיל איין תפילה, שטעלט זיך און גייט אַוועק).

## פֿיערצעהנטע ערשיינונג.

לואי טיער, זשאַן.

לואי טיער. (הויבט זיך אויף אַביסל) פֿערמאַך דיא טיהר... איך קען מעהר ניט קוקען אויפ'ן פֿאַבריק... איך קען מעהר ניט הערען זיין קלאַפּען... (זשאַן געהט און פֿערמאַכט דיא טיהר).

דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

---

# צווייטער אַקט.

איין שעהן בעפוצטע מאַכמערקאַיע. איין הויכע צווייאיגע טיר וויט אין צימער איז ברייט אויפגעעפֿענט און קוקט אַרויס אין אַ פּראַכטיגען פֿאָרדערציטער וואָס איז בעלויכטען מיט איין ברייטען איטאַליענישען פֿענסטער. אין פֿאָרדערצימער זעהט זיך געגילדעטע פֿאַרענצען פֿון מאַססיוועטערס און אויף זיי שטעהען פֿיגורען. די ווענד זיינען בעשלאָגען מיט פֿאַרציטיגע אָביצעס און זיינען בעפוצט מיט בילדער. אין דער מאַסטערסקאַיע אויף רעכטס איז אַ גרויסער איטאַליענישער פֿענסטער, אויף לינקס איז אַ טיר, וואָס איז פֿערהאַנגען מיט איין שווערען פֿאָרהאַנג, אויסגעניהט מיט זייד, עטליכע געשטעלען מיט בילדער, גרויסע שטיינער מיט סטאַטועס. די ווייסע ווענד זיינען צוגעפוצט מיט אויסגעניהטע קאָוויאָרען מיט טייערע געוואַנד און מיט לאַנדשאַפֿטען.

---

## ערשטע ערשיינונג.

די אַלטע קאַטיאַר, די פּאַקאַיאָווע.

קאַטיאַר זיצט אין מאַסטערסקאַיע, קוקט פונאַנדער די מעבעל, די קאָווריאָרען, די קלייניגקייטען מיט אַנ'אויג, אין וועלכער דער געפֿיהל פֿון פֿערוואונדערונג איז צונויפגעמישט מיט בייזקייט. די פּאַקאַיאָווע ווי ס'ווייזט אויס, קוקט איהר נאָך, אָבער זי מאַכט זיך, אַז זי שטעלט פֿונאַנדער אין אָרדנונג די קליינע צאַצקעס און פֿעררינכט די בלומען אין די וואַזעס. איין פּויזע. די פּאַקאַיאָווע גיט וועו ניט ווען אַ קוק אויף די אַלטע מיט איין שפּאָטיגען שמייכעל, וועלכען זי וויל אפילו ניט פֿארשטעלען.

---

## צווייטע ערשיינונג.

זשענעוויעווע, די אַלטע קאַטיאַר.

זשענעוויעווע. איך האָב פֿערשפּעטיגט (די אַלטע קאַטיאַר נייגט זיך צו איהר מיט כבוד. זשענעוויעווע דערלאַנגט אַ קוק אויף דעם וואַנדזייגער און גיט אַ געשריי) צוויי אזייגער! שרעקליך! (ווענדט זיך צו קאַטיארין) אָבער מיר וועלען דערכאַפּען די פֿערלאָרענע צייט. ניין אַפּשר? (שטעלט אַוועק דעם נעשטעל צום ריסעווען, גרייט צו די ברעטיל אויף פֿארב).

קאטיאר. (מיט אגעמאכטען אָבשיי, הינטער וועלכען עס איז נאָך פערשטעלט איין שנאה). געווים, פריילין!..

זשענעוויעווע. טהוט זיך אָן ווי נעכטען, גיכער, גי־כער! די זאכען ליעגען דאָ. (זי ווייזט אָן אויף דעם פעקיל, וואס ליגט אויף דער קאנאפע).

קאטיאר. גלייך, פריילין. עס געהט אריין אַ לאקיי מיט א טאץ, אויף וועלכען עס שטעהען געטראנקען און גלעזער. ער שטעלט אוועק דעם טאץ אויף איין קליינעם טישל און געהט אוועק).

זשענעוויעווע. (אין דער צייט, ווען קאטיאר בינדט פערנאנדער דעם פעקיל און טוהט זיך אָן). נו, וואָס הערט זיך?.. איף דעם מאָל וועט דאכט זיך דער שטרייק ווירקליך פאָרקומען. מען קען ניט זאָגען, אפיינע שטיקעל ארבייט!..

קאטיאר (זי קיקט קרום) איך ווייס פון קיין זאך ניט. פריילין.

זשענעוויעווע. ווי ווייסט איהר דאָס קיין זאך ניט?..

קאטיאר. קודם כל, פערנעהם איך זיך ניט מיט די זא־כען. אָ, איך פערנעהם זיך אין גאנצען ניט מיט דעם!

זשענעוויעווע. אָבער איהר קענט דאך ניט פונדעסטוועגען ניט וויסען, אז פונקט אין דער צייט קומט פאָר איין גרויסע פער־זאמלונג פון די ארבייטער אין פאניע׳ס זאַל און עס קען זיין, אז אין א שעה ארום וועט דער שטרייק שוין זיין בעשלאָסען.

קאטיאר. דאָס קען זיין, עס קען זיין... אָבער איך ווייס פון קיין זאך ניט... און ווי אזוי קען איך דאָט וויסען?..

זשענעוויעווע. פונדעסטוועגען... איהר האָט געווים געמוזט הערען, וואָס דער אָדער יענער רעדט... זיי האָבען דוכט זיך געכטען אין אָוועגד גענוג געליארימט!.. און די רויטע אַנשלאָ־גען... און די פראָקלאַמאַציעס!.. די אַלע אימות!

קאטיאַר. געווים, איך האָב אויך עפעס וועגען דעם געהערט דאָ און דאָרטען... אָבער איהר ווייסט דאָך, מיין גוטע פריילין, צו רען אין מיינע יאָהרען... דאָס געהט אַלץ ביי מיר אין איין אויער אריין, און דעם אַנדערען אַרוים!..

זשענעוויעווע. קירץ, איהר ווילט קיין זאַך ניט זאָגען?

קאַטיאָר. ליעבער גאָט! צו רען רעכענט איהר, אַז זיי וועלען קומען מיר דערצעהלען וועגען זייערע עסקים?.. עס דאַרף שוין אזוי זיין... איהר ווייסט, איך וועל אייך זאָגען וואָס איך מיין... איך רעכען, אַז דאָס איז אַלץ גלאַט אַזוי איין פלוידער... צום לאָ־כען מעהר ניט... עס וועט גאָר קיין שטרייק ניט זיין... נאָך די תשובה, וואָס אייער פאָטער האָט געגעבען די אויסגעוועהלטע זייערע.. וועלען זיי,



זיך געוויס בעטראַכטען. אָט וועט איהר זעהען!.

זשענעוויעווע. און זיי וועלען גוט טהאָן... מיין פאָ־טער האָט פערלאָרען אין גאַנצען דעם געדולד, ער האָט געטהאָן פאַר זיי אַלץ, וואָס ער האָט געקענט... נאָך מעהר, וויפיעל ער האָט געקענט... אייב זיי וועלען זיך פערעקשנ׳ען, וועט ער זיי ניט לאָזען איינפיהרען זייער עקשנות!..

קאַטיאַר. אַודאַי... אודאַי

זשענעוויעווע. און וואָס איז מיט אייער זון?

קאַטיאַר. מיין זון?..

זשענעוויעווע. נו יע, אייער זון! איהר וועט דאָך מיר ניט פערמולירען, אַז איהר ווייסט גאָר ניט בלומרשט, וואָס איז מיט אייער זון?

קאַטיאַר. (אַביסל צומישט) ער איז נאָך גאָר יונג... זיין שׂכל איז נאָך ניט גענוג שטאַרק, דעריבער לאָזט ער זיך אַריינציהען מיט דאָס, מיט יענץ... אָבער טיעף אין האַרצען, איז ער ניט פון אָרט... גלויבט מיר, ער איז איין וואוילער יונג... אָ, וואָס ס׳איז שייך דערצו!..

זשענעוויעווע. פערקעהרט, ער איז איינער פון ד פערברענטע, ווי עס ווייזט אוים.

קאַטיאַר. ער! אָ, גאָט!.. יענער, וואָס האָט אייך דאָס איבערגעגעבען, פריילין, איז איין נידערטרעכטיגער ליגנער, איהר זאָלט מיר ענטשולדיגען... און ער האָט געוואָלט נור מיר אָנטאָהן שאָדען... איהר וואָלט נאָר הערען מיין זון, ווען ער רעדט וועגען אייך, וועגען אייער פאָטער... אָ, ער איז אייך זו ער איבערגעגעבען, זייער איבערגעגעבען, גלויבט מיר!

זשענעוויעווע. זייער גוט, איהר פערשטעהט דאָך, אַז איך וואָלט אייך ניט געקענט ווייטער רופען צו זיך, ווען אַייער זון וואָלט געוועזען אונזער שונא... איך בין דאָך אַזוי גוט פאַר אַלעמען.

קאַטיאַר. דאָס איז אמת! אָט וואָס עס קען טרעפען, אַז דאָס זיינען עסקים אביסעלקע!

זשענעוויעווע. און מאַדעמ׳ענע?.. און טיער?.. דאַרפען זיי זיך ניט שעמען?...

קאַטיאַר. (מיט איין שטימע, וואָס דריקט גאַר ניט אויס) אָ, וואָס איז שייך דערצו?..

זשענעוויעווע. מענשען, וועלכע מיר האָבען געטהאָן נאָר לויטער טובות... אויף וועלכע מיר האָבען אזוי געקוקט... איהר ווייסט דאָך דאָס, ניט אמת?

קאַטיאַר. (מיט דער זעלבער שטימע) אָ..! אָ..! יע, יע...

זשענעוויעווע. אזאַ נידעריגקייט פֿון זייער קאַנט!.. אַלץ האָבען זיי מיר צו פֿערזאַנקען... נו מילא... זאָלען זיי געהן איצטער, זי און איהר פֿאָטער, זאָלען זיי בעטען זייער זשאַן רול... ער וועט זיי העלפֿען.

קאַטיאַר. (מיט דער זעלבער שטימע) יע! יע...

זשענעוויעווע. ווער איז דאָס דער זשאַן רול, וועלכער ווייזט זיך אַרוים פֿאַר דעם פֿיהרער פֿון דעם גאַנצען גערודער?

קאַטיאַר. איך ווייס ניט. און ווי ווילט איהר, אַז איך זאָל וויסען!..

זשענעוויעווע. ער איז אַ שלעכטער מענש... אַ אויסוואָרף, איין גזלן, איין רוצח! איך האָב איהם געזעהען ביי טיער'ן אין דעם טאָג, ווען עס איז געשטאָרבען קלעמאַנס. אָ ווי ער האָט דאַן אַ קוק געטאָהן אויף מיר, מיט וואָס פֿאַר אַ שרעק־ליכע אויגען!..

קאַטיאַר. טאַקע?.. אַזוי גאָר! (ענדיגט זיך אָנצוטאָהן). פֿריילין זשענעוויעווע, איך בין פֿאַרטיג.

זשענעוויעווע. גאַנץ גוט. לאָמיר נעהמען אַרבייטען. דאָס וועט זיין בעסער, ווי רעדען אוננוצליכע דבורים און פֿערלי־רען צייט אומזיסט. מעהר ניט... וואָס זשע ווילען זיי? איך וואָלט וועלען וויסען, וואָס דערשלאָגען זיי זיך?..

קאַטיאַר. (קוועטשט מיט די פּלייצעס). אידאַי וואָס פֿערלאַנגען זיי?.. (אין די מינוט געהט אַריין ראָבערט).

## דריטע ערשיינונג.

ראבערט, זשענעוויעווע, די אלטע קאטיאר

זשענעוויעווע. (מיט פֿערדרוס) אַך, דאָס ביזט דו?

ראָבערט. (צו דער אַלטער קאַטיאַר, וועלכע בעגריסט איהם). גוט מאָרגען, באָבינקע קאַטיאַר! (זשענעוויעווע'ן) איך שטער דיר?

זשענעוויעווע. ניין... אָבער וואָס האָסט דו געלאָזט די געסט אַליין?

ראָבערט. מיר איז געוואָרען מיט זיי אוממעגליך צו פֿערבלייבען!

זשענעוויעווע. דו וועסט אָנהייבען צו רעדען מיט מיר און דאָס שטערט מיר, ווען איך אַרבייט. (ראָבערט געהט צו צום געשטעל. זשענעוויעווע קעהרט אום דעם ל'יואַנד, אויף וועל־כ'ן זי מאָלט, אויף דעם אַנדערן זייט). וואָס קוקסט דו? מען דאַרף



ניט, מען דאַרף ניט, איך וויל ניט... דו וועסט נאָך ווייטער אָפּ־לאַכען פֿון מיר (צו קאַטיאַר'ן) נו, וואָס, איהר זייט שוין פֿאַרטיג?.. און די קאָרב מיט אפעלסינען?.. (קאַטיאַר מאַכט מיט'ן האַנד א צייכען, אַז זי האָט פֿערגעסען און געהט נאָך די קארב מיט אַפּעל־סינען צום אַלמער טיעף אין צימער).

ראָבערט. מיין ליעבע זשענעוויעווע, דיינע פֿריינד רעגען מיר אויף... זיי פּייניגען מיר פּשוט... איך האָב מורא געהאַט, אַז איך וועל זיך ניט דערוואַרטען צום סוף פֿריהשטיק... און ווען איך וואָלט ניט אַנטלויפֿען פֿון ביליאַרד־צימער, וואו זיי טרינקען קאַווע און פֿיהרען אַ געשפּרעך וועגען פֿרויען, וועגען די אייביג־קייט פֿון דער נשמה, וועגען דעם פּאַפּסט'ס סאָציאַליזמוס, וועגען יאַגד און וועגען פֿערד, וואָלט איך זיך געוויס ניט איינגעהאַלטען... דאָ קומען פֿאַר שרעקליכע זאַכען און אָט מיט וואָס זיי בעשעפֿ־טיגען זיך!... ווי קען דאָס מעהר ניט דער פֿאָטער זיך אַרומ־פֿיהרען מיט אַזעלכע טפּשים?

זשענעוויעווע. ערשטענס, די... דו רופֿסט שטענדיג אַלעמען נאַראָנים!... אָבער צו ווייסט דו, אַז איידער זיי וועלען אַוועקפֿאָהרען, וועלען זיי נאָך אַריינגעהן אַהער?

ראָבערט. אָ, זיי וועלען דאָ ריידען וועגען קונסט... זיי האָבען דאָך אויך זייער קוק אויף קונסט... אָבער דאָ וועלען זיי שוין ניט זיין אַזוי העסליך, זיי וועלען נאָר זיין לעכערליך... זייער לעכערליכקייט גיט מיר צו כח און גלויבען אין זיך. (די אלטע קאַטיאַר קעהרט זיך אום, טראָגענדיג די קאָרב מיט אַפּעלסינען).

זשענעוויעווע. נו, גוט, נעהם איין בוך, לייען... און שוויג (צו קאַטיאַר'ן). איצטער דאַרפֿען מיר זיך ביידע נעהמען צו דער אַרבייט. (ראָבערט זעצט זיך אויף'ן קאַנאַפּע. זשענעוויעווע זעצט זיך אַוועק נעגען געשטעל אויף צו מאָלען און שטעלט איהם איין אויף אַנ'אָרט. זי ווענדט זיך צו ראָבערט'ן) נו? דו לייענסט?...

ראָבערט. (ערנסט און דאַד אַביסל מיט שפּאַס) איך לייען אין דיין נשמה.

זשענעוויעווע. עס איז פֿון דיר ניט צו דערהאַלטען!.. (אַ שווייגען. די אַלטע קאַטיאַר שטעלט זיך אין אַ פּאַסיגע פּאָזע. זשענעוויעווע קוקט אויף די נאַטורשציצע און אויף דעם בילד, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּף). ניט אינגאַנצען ווי מען דאַרף... קעהרט אום די קאָפּף אַביסל מעהר אויף לינקס, בייגט איהר איין אַביסל מעהר... נאָך... אַזוי איז גוט... זהער גוט... ריהרט זיך ניט מעהר איצטער... (זי שטעלט זיך, פֿערריכט די קנייטשען אויף קאַטיאַרס קלייד און קוקט, צו עס קומט גוט אַרוים; מיט אַ מינע און מיט זשעסטען פֿון אַ מאַלער), ווי שעהן זי איז!.. וואָס פֿאַר אַ מינע, וואָס פֿאַר אַ ציגעטראָפּענער טיפּ... וועלכע... וואָס פֿאַר אַקאַנטו־

דען... (זי ענדיגט די ווערטער מיט א מאך מיט׳ן האנד, הויבט נאכדעם אן צו מאלען. א שווייגען). א, די וואונדערליכע דינגע פארבען פון אלטע העלפאנדביין!.. די אויסגעצעהרטע, אויסגעטריקענטע ציקנייטשטע געזיכט... די מאגערקייט!.. וואס פאר א שעהנהייט!.. (פויזע. אין איינציגע מינוט ארום ווערט זשענעוויעווע׳ס געזיכט פערוואלקענט. זי לייגט אוועק די ברעטעל פארב אויף די קניע. זי איז מעהר אויפמערקזאם און ערנסט). ניין... ניין, דאס איז שוין גאר אנדערס... איך ווייס ניט, וואס איז דא היינט! באבינקע קאטיאר... ביי אייך איז גאר ניט דער אויסדריק, גאר ניט די מינע... היינט איז אייער געזיכט שטרענג און בייז (קאטיאר בייט די מינע פון געזיכט) אבער ניין... ניין... גאר ניט דאס... ביי אייך איז היינט גאר ניט די מינע... מאכט איין אומעטיגע מינע... גאר גאר איין אומעטיגע... איהר דארפט ניט זיין בייז... איהר דארפט זיין זהער, זהער פערטרויערט... דערמאנט זיך, וואס איך האב אייך געזאגט... מאכט אזא געזיכט, אזוי ווי איהר וואלט האבען א פולע צרות... א פולע צער... קלעמענעס... מאכט אזא געזיכט, ווי איהר וואלט וויינען... (קאטיאר׳ס געזיכט בעקומט איין שרעקליך בייזע מינע. זי שטעלט אוים איהר זשענעוויעווען אויגען, וואס ברענען ווי ביי איין וואלף. ראבערט, וואס האט געקוקט די גאנצע סצענע, הויבט זיך אויף פון קאנאפע). נו, וואס, איהר פערשטעהט מיר ניט... (מיט אינגעדולד). מאכט זיך, אז איהר וויינט... דאס איז דאך גאר ניט אזוי שווער... (דער אנגעגריפענער און אונבעוועגליבער קוק פון די אלטע צומישט אזוי זשענעוויעווען, אז זי טהוט א ציטער, הויבט זיך אויף מיט א מאל פון שטול און טרעט אפ אביסל צוריק). וואס קוקט איהר אויף מיר אזוי?.. איהר האט אויף מיר פריהער קיינמאל אזוי ניט געקוקט! אפשר זייט איהר קראנק?..

ראבערט. (ער רייסט איבער מיט א שטרענגען קול). זשענעוויעווע!..

זשענעוויעווע. (אויפגערעגט) וואס ווילסט דו?

ראבערט. דו ביזט היינט צו נערוועז... דו ביזט אין א צו שלעכטען געמיט אויף צו ארבייטען... און איהר, באבינקע קאטיאר, געהט אהיים. (קאטיאר קוקט איצטער אויף זשענעוויעווען און ראבערט׳ן מיט א טעמפען קוק). דאס וועט זיין בעסער, גלייבט מיר!.. (די אלטע קאטיאר שטעלט זיך און טוט זיך אוים

זשענעוויעווע. צו וואס טהוסט דו ד... רעדסט דו דאס?

ראבערט. (מיט א בעפעהל) איך בעט ... נים בעגעהן זיך נאך שארפער...

זשענעוויעווע. (לייגט אוועק אויפ׳ן טיש



איהר זייט נאך אלץ איין רעוואלוציאנערקע, מיין ליעבע זשענעוויעווע. אפילו איין אימפרעססיאניסטקע, איך וועל האבען די העזה אויך זיך אויסצודריקען.. ראז.. בלוי... און וואס איז דאס? (ווייזט אויף איין בילד) א מיהל?

זשענעוויעווע. א, העכער דעלאטרוד! איהר זעהט דאך, דאס איז איין אלטע פרוי, וואס קלייבט האלץ!

דעלאטרוד. טאקע? עס קען ניט זיין. (ער טראגט צו צו די אויגען איין לארנעט און קוקט זיך איין בעסער). אמת!.. וואס קען מען מאכען? אויפ׳ן ערשטען בליק איז ביי מיר אויסגעקומען, אז דאס איז א מיהל. אייגענטליך, דאס איז די נייע שטה... איך בין אין איהר ניט קלאר. דער ים... אלטע פרויען, וואס קלייבען האלץ.. מילען... גערטנער.. א סטארע בארא‍נעס, שווערע וואלקענס, דאס איז אלץ איינס... ענטשולדיגט, וואס איך וועל אייך זאגען אפען, מיין ליעב קינד, אבער איהר ווייסט, אז אין מאלעריי, ווי אויך אין פאליטיקע אין ווי אין אלצדינג... איך, אלטער נאר, איך האלט זיך מיר פאר די אלטע דרכים! אבער דאס איז אלץ זייער שיין... פיעל ליכטיגקייט.. טאלאנט!.. (קוקט פערנאנדער אנדערע קליינע בילדער). זייער אינטערעסאנט!..

קאפראן. הערט איהם ניט.. ער האט בכלל האלט אייך צו רייצען. צו דער צו איז נאך אונזער פריינד דעלאטרוד, דאס וואס די קינסטלער רופען אן א „פלשתי״.

דעלאטרוד. איך שטאלציר מיט דעם.

קאפראן. ער שטאלצירט מיט דעם!..

זשענעוויעווע. (צו דיוארמעלען). איהר וועט אפשר אויסטרינקען אגלאז ביער, הערר דיוארמעל?

דיוארמעל. מיט פערגעניגען, פריילין. (זשענעוויעווע גיסט איהם אן ביער). איך דאנק.

זשענעוויעווע. פאר וואס איז דער פאטער ניט געקומען מיט אייך צוזאמען?

דיוארמעל. ארגאנד איז פערנומען מיט מעגרע׳ן.. ער וועט מסתמא קומען אהער אין א פאר מינוט ארום.

זשענעוויעווע. איהר ווייסט אפשר עפעס נייעס?

דיוארמעל. מעגרע האט געוויס געבראכט עפעס נייעס, מיר וועלען זיך באלד דערוויסען.

זשענעוויעווע. מיר מוטשעט דער אומגעדולד און... די מורא.

דיוארמעל. אמת, דאס איז זעהר ניט צו דער צייט,

דען... (זי ענדיגט די ווערטער מיט אַ מאַך מיט'ן האַנד, הויבט נאָכדעם אָן צו מאָלען. אַ שווייגען). אָ, די וואונדערליכע דינגע פֿאַרבען פֿון אַלטע העלפֿאַנדביין!... די אויסגעצעהרטע, אויסגעטריקענטע ציקנייטענע געזיכט... די מאָגערקייט!.. וואָס פֿאַר אַ שעהנהייט!.. (פּויזע. אין איניגע מינוט אַרום ווערט זשענעוויעווע'ס געזיכט פֿערוואָלקענט. זי לייגט אַוועק די ברעטעל פֿאַרב אויף די קניע. זי איז מעהר אויפֿמערקזאַם און ערנסט). ניין... ניין, דאָס איז שוין גאָר אַנדערס... איך וויים ניט, וואָס איז דאָ היינט! באָבינקע קאַטיאַר... ביי אייך איז גאָר ניט דער אויסדריק, גאָר ניט די מינע... היינט איז אַייער געזיכט שטרענג און בייז (קאַטיאַר בייט די מינע פֿון געזיכט) אָבער ניין... ניין... גאָר ניט דאָס... ביי אייך איז היינט גאָר נים די מינע... מאַכט איין אומעטיגע מינע... גאָר גאָר איין אומעטיגע... איהר דאַרפֿט ניט זיין בייז... איהר דאַרפֿט זיין זהער, זהער פֿערטרויערט... דערמאָנט זיך, וואָס איך האָב אייך געזאָגט... מאַכט אַזאַ געזיכט, אַזוי ווי איהר וואָלט האָבען אַ פֿולע צרות... אַ פֿולע צער... קלעמענעס... מאַכט אַזאַ געזיכט, ווי איהר וואָלט וויינען... (קאַטיאַר'ס געזיכט בעקומט איין שרעקליך בייזע מינע, זי שטעלט אויס אויף זשענעוויעווען אויגען, וואָס ברענען ווי ביי איין וואָלף. ראָבערט, וואָס האָט געקוקט די גאַנצע סצענע, הויבט זיך אויף פֿון קאַנאַפּע). נו, וואָס, איהר פֿערשטעהט מיר ניט... (מיט אינגעדולד). מאַכט זיך, אַז איהר וויינט... דאָס איז דאָך גאָר ניט אַזוי שווער... (דער אַנגעגריפֿענער און אונבעוועגליכער קוק פֿון די אַלטע צומישט אַזוי זשענעוויעווען, אַז זי טהוט אַ ציטער, הויבט זיך אויף מיט אַ מאָל פֿון שטול און טרעט אָפּ אַביסעל צוריק). וואָס קוקט איהר אויף מיר אַזוי?.. איהר האָט אויף מיר פֿריהער קיינמאָל אַזוי ניט געקוקט! אפֿשר זייט איהר קראַנק?..

ראָבערט. (ער רייסט איבער מיט אַ שטרענגען קול). זשענעוויעווע!...

זשענעוויעווע. (אויפֿגערעגט) וואָס ווילסט דו?

ראָבערט. דו ביזט היינט צו נערוועז... דו ביזט אין אַ צו שלעכטען געמיט אויף צו אַרבייטען... און איהר, באָבינקע קאַטיאַר, געהט אַהיים. (קאַטיאַר קוקט איצטער אויף זשענעוויעווען און ראָבערט'ן מיט אַ טעמפּען קוק). דאָס וועט זיין בעסער, גלייבט מיר!.. (די אַלטע קאַטיאַר שטעלט זיך און טוט זיך אויס)

זשענעוויעווע. צו וואָס טהוסט דו ד... רעדסט דו דאָס?

ראָבערט. (מיט אַ בעפֿעהל) איך בעט ... נים בעגעהן זיך נאָך שאַרפֿער...

זשענעוויעווע. (לייגט אַוועק אויפֿ'ן טיש



ברעטעל מיט די פּענזלאַך און בעצאָהלט קאַטיאַר'ן). בכן וועט איהר מאָרגען קומען?..

ראָבערט (בעלעבט). זי וועט מעהר אַהער ניט קומען.

זשענעוויעווע. (אונגעדולדיג און צומישט). אָבער פֿאַר וואָס?..

ראָבערט. (רייסט איהר איבער) שש...

זשענעוויעווע. דו ביזט משוגע געוואָרען?.. וואָס טהוט זיך דאָ מיט דיר?.. ראָבערט! אַך, ראָבערט. דו אויך?.. דו האָסט אויך אַזוינע בייזע אויגען?..

קאַטיאַר. (זי האָט אויסגעטהאָן דעם פֿאַרטוך, די שטיינגע און וויל אַוועקגעהן) פֿריילין... העררר ראָבערט... האָט קיין פֿעראיבעל ניט...

ראָבערט. געהט זיך געזונדערהייט, באָבינקע קאַטיאַר און טראָגט מיט זיך ניט אַוועק צו פֿיעל שנאה צו אינזער שטיב! (די אַלטע קאַטיאַר געהט אַוועק פּאַמעליך מיט שווערע טריט, מיט אַזאַ אויסזעהן, ווי זי וואָלט גאָר ניט פֿערשטעהן. זשענעוויעווע קלינגט, עס געהט אַריין די פּאָקאָיאָווע און בעגלייט די אַלטע קאַטיאַר. ווען קאַטיאַר געהט אַוועק, בעווייזט זיך ווידער איהר שטרענגע געזיכט דורכ'ן גרויסען העלען פֿענסטער פֿון פֿאָדערשטוב).

## פיערטע ערשיינונג.

ראבערט, זשענעוויעווע.

זשענעוויעווע. (אין כעס, ווישט אָב די טרערען פֿון די אויגען) אַזוי ערניעדריגען מיר... פֿאַר די אַלטע שלעפּערקע... אָ!..

ראָבערט. זשענעוויעווע!

זשענעוויעווע. איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז דו ביזט דערצו פֿעהיג. (זי וויינט זיך פֿערנאַנדער) דו ביזט מסתמא שוין אין גאַנצען אַראָפּ פֿון זינען?.. דאָס איז נידערטרעכטיג... נידערטרעכטיג... וואָס וועט זי קלערען וועגען מיר? וואָס וועט זי זאָגען וועגען מיר?

ראָבערט. וויין ניט! מען דאַרף ניט, אַז זיי זאָלען בעמערקען אַז דו האָסט געוויינט, ווען זיי וועלען קומען אַהער!... הער מיר אויס... ווען דו וואָלסט געוועזן אַ גרויסער קינסטלער... ווען די וואָלסט געקענט ברייגנען אַ מתנה דער גאַנצער וועלט אַזאַ ווערק, אין וועלכען עס וואָלט זיך אָפּגעשפּיגעלט דער גאַנצער ליידען און מיטלייד... דאַן וואָלט דאָס געוועזן זהער גוט!.. אָבער כדי פֿערנאַנדער-צוטרייבען דעם אומעט פֿון דעם ליידינגעהערשען לעבען אָדער נאָכצוגעבען דעם פּוסטען יאָגען זיך

נאָך כבוד... אזוי שפּיעלען זיך מיט די צרות און מיט די נויט פֿון דעם אָרעמען... איך זאָג דיר, דאָס איז זעהר שׂרעכט... דאָס פּאַסט ניט פֿאַר איין אידעלע נשמה!..

זשענעוויעווע. (בעליידיגט) איך גיב זיך גאָר ניט אָן פֿאַר איין גרויסען מאָלער... אָבער דאָך די נאַגראַדע, וואָס איך האָב בעקומען אויף די קינסטלערישע אויסשטעלונג, דאָס איז דאָך עפּעס ווערט, אַזוי דוכט מיר.

ראָבערט. עלענדע קינד!

זשענעוויעווע. דו רעגסט אויף... רעגסט מיר אויף... ערשטענס האָב איך דיר ניט געבעטען קומען צו מיר, דאָ בין איך ביי זיך... נאָך וואָס ביזט דו געקומען?

ראָבערט. (זעהר ווייך) איך וואָלט וועלען, דו זאָלסט מיך פֿערשטעהן... זשענעוויעווע, דערמאָהן זיך אָן אונזער וואונדערבאַרע מוטער, וואָס איהרע מדות טובות האָבען אַזוי לאַנג בעשיצט די שטוב פֿון אונגליקליכע געשעהניסען, וואָס קענען יעצט זיין געפֿעהרליך.

זשענעוויעווע. בכן, טאָ וואָס זשע איז?

ראָבערט. בכן האָט זי דיר געלאָזען בירושה איין גרויסען חוב, די שענסטע און די מילדעסטע שליחות, וואָס די פרוי דאַרף ערפֿילען... איינהאַלטען די בעטריגונג מיט דעם כח, זיך איינשטעלען פֿאַר שוואַכע... אויפֿקלעהרען די אונוויסענדע און פֿערגרעבטע. אָט די התחיבות — איך פֿאָדער ניט ביי דיר, אַז דו זאָלסט איהר ערפֿילען, ווי אונזער מוטער, אַז דו זאָלסט אין גאַנצען פֿערגעסען אָן זיך — אָבער בעקלעהר זיך, ווי דו פֿיהרסט איהר דורך?

זשענעוויעווע. און דו, וואָס דו ביזט ענטלאָפֿען פֿון די עלטערנ׳ס הויז; וואָס דיין לעבען, דיין לעבען פֿון איין משומד, שאַפֿט דעם גרעסטען צער אונזער פֿאָטער... דיר פּאַסט טאַקי צו רעדען פֿפֿליכטען!..

ראָבערט. (שטריינג) איך זעה צו ערפֿילען מיין פפֿליכט אין איין אַנדער אָרט, נאָך מיינע כחות און ניט דאָ, וואו איך בין ניט בכח צו טהאָן עפּעס... דו אָבער דאַרפֿסט ערפילען דיין חוב נאָר דאָ.

זשענעוויעווע. איך טהו וואָס איך קען, איך בין צו אַלעמען גוט... איך טהו אַלעמען טובות... און מיך האָבען אַללע פֿיינד!..

ראָבערט. מען דאַרף קענען געבען ניט נאָר געלד, מיין אָרימע זשענעוויעווע... מען דאַרף אויך אַריינגעהן אין יענעמ׳ס לאַגע... מען דאַרף געבען האָפֿנונג... און ליעבע.



זשענעוויעווע. זאָג שוין בעסער אָהן קונצען, אַז איך בין אַשלעכטע!

ראָבערט. ניין, דו ביזט ניט קיין שלעכטע, אָבער דו ווייסט ניט ווי צו ליעבען... אונזער מוטער — יענע, האָט דאָס געקענט... איהר הייליגער משל איז פֿאַרביינגעגאַנגען פֿאַר אונז אָהן נוצען!.. (ער נעמט זשענעוויעווע׳ס האַנד און ציהט איהר צו צו זיך). אָ! ווען איך וואָלט דאָס געקענט איבערגיסען אַטייל פֿון מיינע געדאַנקען אין דיין קאָפּ... (זשענעוויעווע ווערט אַביסל ווייכער און בערוהיגט זיך)... אַשטיקעל פֿון אונזער מוטער׳ס נשמה אין דיין נשמה...

זשענעוויעווע. מיר איז דאָ אומעטיג און די אַלע מענשען וואַרפֿען אויף מיר אַמוּיא... זיי זיינען שלעכטע...

ראָבערט. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס דו שטעהסט פֿון זיי צו ווייט.. עס איז גאָר ניטאָ קיין שלעכטע הערצער.. עס זיינען נאָר דאָ הערצער, וואָס זיינען צו ווייט איינע פֿון די אַנדערע.. און וואָס פֿערשטעהען דעריבער ניט איינע די אַנדערע... הערצער, וואָס זיינען אָבגעטיילט מיט אַמהלך... אין דעם ליעגט דאָס דער גרויסער אומגליק. (שטייען אויף די טרעפּ). דיינע פֿריינד... זיי ניט אומעטיג... גייהען... וויש אוים די אויגען, גיב אַשמייכעל. איהר).

זשענעוויעווע. ווי ווילסט דו אַז איך זאָל ניט זיין אומעטיג, אַז דו רעדסט מיט מיר אַזוי? דו רעדסט מיט מיר אַזויגע זאַכען, וועלכע איך קען ניט פֿערשטעהן

ראָבערט. ווייל דיין נשמה איז ניט דאָרטען, וואו מיינע... מיר קוקען פֿון פֿערשיעדענע זייטען אויף דיא מענשליכע צרות.

זשענעוויעווע. (פֿערקלעהרט, סטאַרעוועט זיך צו פֿערשטעהן. פֿון פֿערשיעדענע זייטען אויף דיא צרות... (עס גייהען אַריין קאַפּראָן, דיואָרמעל און דעלאַטרוד).

## פינפטע ערשיינונג.

די זעלבע, קאַפּראָן, דיוארמעל, דעלאַטרוד.

דיואָרמעל. מיר האָבען גערעכענט איך צו טרעפֿען אין מיטען דער אַרבייט, פֿריילין.

קאַפּראָן. אין העכסטען בעגייסטערונג!

זשענעוויעווע. עס געהט בייא מיר היינט ניט די אַרבייט, איך האָב אַוועקגעשיקט מיין נאַטורשציצע. (ראָבערט איז אָפּגעגאַנגען צום גרויכען פֿענסטער און קיקט כלומרשט פֿענאַנדער פֿון דאָרטען דעם גרויסאַרטיגען לאַנדשאַפֿט).

דעלאַטרוד. (קוקט דורך די סקיצצען אויף די ווענד).

איהר זייט נאָך אַלץ איין רעוואָלוציאָנערקע, מיין ליעבע זשענעוויעווע. אפילו איין אימפּרעססיאָניסטקע. איך וועל האָבען די העזה אזוי זיך אויסצודריקען.. ראָז.. בלוי... און וואָס איז דאָס? (ווייזט אויף איין בילד) אַמיהל?

זשענעוויעווע. אָ, העכער דעלאַטרוד! איהר זעהט דאָך, דאָס איז איין אַלטע פרוי, וואָס קלייבט האָלץ!

דעלאַטרוד. טאַקע? עס קען ניט זיין. (ער טראגט צו צו די אויגען איין לאָרנעט און קוקט זיך איין בעסער). אמת!.. וואָס קען מען מאַכען? אויפ'ן ערשטען בליק איז ביי מיר אויס-געקומען, אַז דאָס איז אַמיהל. אייגענטליך, דאָס איז די נייע שטה... איך בין אין איהר ניט קלאָר. דער ים... אַלטע פרויען, וואָס קלייבען האָלץ.. מילען. גערטנער.. אַסטאַרע באַראַנעס, שווער'ע וואָלקענס, דאָס איז אַלץ איינס... ענטשולדיגט, וואָס איך וועל אייך זאָגען אָפען, מיין ליעב קינד, אָבער איהר ווייסט, אַז אין מאַלעריי, ווי אויך אין פּאָליטיקע און ווי אין אַלצדינג... איך, אַלטער נאַר, איך האַלט זיך מיר פאַר די אַלטע דרכים! אָבער דאָס איז אַלץ זייער שיין... פיעל ליכטיגקייט.. טאַלאַנט!.. (קוקט פערנאַנדער אַנדערע קליינע בילדער). זייער אינטערעסאַנט!..

קאַפּראָן. הערט איהם ניט.. ער האָט בכלל האַלט אייך צו רייצען. צו דער צו איז נאָך אונזער פריינד דעלאַטרוד, דאָס וואָס די קינסטלער רופען אָן אַ „פלשתי“.

דעלאַטרוד. איך שטאָלציר מיט דעם.

קאַפּראָן. ער שטאָלצירט מיט דעם!..

זשענעוויעווע. (צו דיואָרמעלען). איהר וועט אפשר אויסט־ינקען אַגלאָז ביער, הערר דיואָרמעל?

דיואָרמעל. מיט פערגעניגען, פריילין. (זשענעוויעווע גיסט איהם אָן ביער). איך דאַנק.

זשענעוויעווע. פאַר וואָס איז דער פאָטער ניט גע-קומען מיט אייך צוזאַמען?

דיואָרמעל. אַרגאַנד איז פערנומען מיט מעגרע'ן.. ער וועט מסתמא קומען אַהער אין אַ פּאָר מינוט אַרום.

זשענעוויעווע. איהר ווייסט אפשר עפּעס נייעס?

דיואָרמעל. מעגרע האָט געוויס געבראַכט עפּעס נייעס, מיר וועלען זיך באַלד דערוויסען.

זשענעוויעווע. מיר מוטשעט דער אומגעדולד און... די מורא.

דיואָרמעל. אמת, דאָס איז זעהר ניט צו דער צייט,



איך האָב מורא, אַז איך וועל דאַרפען אָפּליינען די גרויסע יאַגד, וועלכע איך האָב געוואָלט מאַכען פאַר אייך...

זשענעוויעווע. איהר זייט זעהר צוטראָגען, ניין אפשר?..

דיואָרמעל. זעהר! ניין.. איך מיין ניט, אַז עס זאָל אויסקומען זיך זעהר צו בעאומרוהיגען.. געוויס, וועט דער גאַנצער געגענד זיין צורודערט צייט איינינע טעג...

זשענעוויעווע. דער פאַטער קוקט פונדעסטוועגען אויף דעם ערנסטער.

דיואָרמעל. אַרגאַנד איז אַ פּעסימיסט, ער שטעלט זיך אָפט אַליין פאָר דאָס, וואָס איז אין אמת'ן גאָר ניטאָ.. די בע-וועגונג איז מעהר פון אויבען און ניט אין דער טיעף.

קאַפּראָן. פון וואַנען האָט זיך אָבער אַרויסגערופען דער שטרייק דאָ, וואו ער איז קיינמאָל ניט געווען? אָט דאָס איז אַשאלה...

דיואָרמעל. אודאי!

דעלאַטרוד. (זעצט זיך נעבען זשענעוויעווע'ן) אַודאי אַזוי!..

קאַפּראָן. לאָמיר אפילו דערלאָזען... אַ שטרייק... גוט, אָבער וואָס איז אַזוי אַשטרייק? בפרט, ווען מען זאָל זיך פון אָנ-הויב אָן ענערגיש שטעלען אַנטקעגען און קיין זאַך ניט נאָכגעבען... קיין זאַך בשום אופן ניט נאָכגעבען!.. וואָס קענען טהאָן די גאָרנישטען אַנטקעגען די היגאַנטישע אינדוסטריעלע און געלדיגע מאַכט פון אַרגאַנדען. צו וועט ער נאָר האָבען די נויטיגע שטייפקייט דערצו?.

זשענעוויעווע. (גיך) ביי אייך איז אין דעם אַ ספק?

קאַפּראָ. ניין, פריילין.. איך האָב זיך, פערשטעהט איהר מיך, שלעכט אויסגעדריקט... ביי מיר איז קיין ספק ניט אין די ענערגיע פון אייער פאָטער... פערקעהרט, ער איז זייער איין ענטשלאָסענער און איין דרייסטער מענש.. ער האָט אינז צעהנדליגע מאָהל געגעבען איין בעוויז פון זיין וואונדערבאַרער שטייפקייט. אמת טאַקע, אָבער דאָך איז ער אַליין אַביסל שולדיג אין דעם, וואָס דאָ קומט פאָר...

זשענעוויעווע. ווי אַזוי איז דאָס?

קאַפּראָן. ער איז אויך אַ גרויסער פאַנטאַזיאָר!.. ער גלויבט אין די מעגליכקייט צו פערליידען די נידע־יגערע קלאַססען! (ער הויבט אויף די הענד צום הימעל).. גלויבען אין די זיטליכע פערבעסערונג פון די אַרבייטער. וואָס פאַר אַ טעות!.

זשענעוויעווע. אַלע־פאַלס איז דאָס דאָך איין אידעאַ-לער טעות

קאפראן. איהר נארט זיך, פריילין, עס זיינען ניטא קיין
איידעלע טעות'ן. עס זיינען דא פראסטע טעות'ן. דערהויפט איז דאס
וואס ער האט דערלאזען אויף זיינע פאבריקען אפולע איבעריגע זא=
כען.. ער האט דערלאזען זיך ענטוויקלען פערשידענע פעראיינען,
אססאציאציעס, וואס הרג'ענען אוועק די ארבייט.. פערשוואכען דעם
גלויבען אין דעם בעל-הבית.. אין זיינען נאר קערנער פון רעוואָ=
לוציאן. פרובט געבען דעם ארבייטער פאר 20 גראשען וואוילטאג
אין פרייהייט, און ער וועט דאס אנהויבען זיך פאדערען פאר 20
פראנק. דאס איז אזוי ריכטיג ווי צוויי מאל צוויי איז פיער.

דיוארמעל. דאס היינגט אפ..

קאפראן. פון וואס היינגט דאס אפ?.. ניין.. ניין..
לאזט נאר אפ די לייצעס.. און ער וועט גלייך פענאנדערטראגען...
ער וועט פערבייסען דעם צאהם און וועט זיך אלאז טהאן אליין ניט
וויסענדיג וואהין... און וועט אנהייבען אלץ ברעכען, שלאגען...
איך האב דאס לאנג צוגעזעהען (מיט איין זיכערע און ווירדיגע שטי=
מע). דער פראלעטאריער איז אלזא א בהמה, וואס לאזט זיך ניט
ערציעהען, ניט ארגאניזירען.. מען קען איהם איינהאלטען מעהר
ניט מיט איין תנאי, מען דארף שטארקער אנציהען ביי איהם אין
מויל די לייצעס און ארבייטען מיט'ן בייטש.. איך האב דאס אלץ
געזאגט ארגאנד'ן, ווייל ער מיט זיינע איינגערעדטע געדאנקען ווע=
גען עמאנסיפאציע, מיט זיינע קאאפעראטיווע פעקארניעס, יאטקעס,
פראפעסיאנעלע שולען, הילפס-קאססען, פענסיאן-קאססען, פערזאר-
גונגס-געזעלשאפטען און מיט די אלע זיינע סאציאליסטישע פלוידע=
רייען, היין-רייד, יע, יע, סאציאליסטישע, אנשטאט צו פערשטארקען
זיין מאכט, פלעגט ער ריזיקירען אפשלאפען איהר אדער איהר גאר
פערליערען.. ער האט געמאכט שווער און געפעהרליך אינזער אלע=
מענס לאגע, ווייל מיר האבען ווילענדיג ניט ווילענדיג געמוזט איהם
נאכטהאן.. איצטער וועט ער שוין צושטימען, אז איך בין געוועזען
גערעכט... (דערזעהענדיג זשענעוויעוו'ס אריהר) בעמערקט אייך,
פריילין, אז היינטיגען מאל גלויב איך ניט, אז עס וועט זיין א שטרייק!
איך רעכען אויך, ווי דיוארמעל, אז דאס איז איין געמאכטע בע=
וועגונג... אז ס'האט ניט קיין ערנסטען גרונד.. און דעריבער וועט
איהר זיין גרינג איינצושטעלען.. אבער איך וואלט וועלען, אז דאס
זאל זיין פיר אונזער פריינד איין התראה און איין אנלערנונג, ער
זאל שוין צים סוף פערשטיין, אז עס איז ניטא קיין אנדערע עצה
ווי צו געוועלטיגען איבער די חיות, ווי פערציהען שטייפער די
לייצעס.. שטארקער צושרויפען דעם צוואנג, ווי זיי זאגען. (ער
מאכט מיט'ן האנד, אזוי ווי ער וואלט פערשרויפען איין גווינט).
מען דארף גוט.. שטארק.. אהן רחמנות צוקוועטשען...

דעלאטרוד. פרינציפיעל און בכלל גערעדט, זייט איהר



גערעכט, מיין ליעבער קאפראן.. האטש מען קען אייך אפילו ענט=
פערן אפולע, אבער דא איז איין בעזונדערע לאגע... גאט צו דאנ=
קען, די נייע אידעען זיינען נאך ניט אריינגעקראכען זייער ווייט צו
אונז, די פיהרער האבען ניט קיין ווירקונג אויף די דעות פון אונ=
זערע גוטע ארבייטער!..

קאפראן. אונזערע גוטע ארבייטער?.. הם... הם...
אזוי רעכענט איהר?.

~~דעלאטרוד. געוויס.~~

קאפראן. און דער זשאן רול, וואס האט אין אפאר טעג
געקענט אויפהייבען פינף טויזענד ארבייטער... פינף טויזענד אר=
בייטער, וואס האבען ביז אהער ניט געוואלט גאר הערען פון יעדע
אנרייצונגען, פון יעדע אויפרופען זיך צו שטעלען געגען?

דעלאטרוד. זשאן רול?! איין באלבעטון, איין פאנטא=
זיאר. איהר גלויבט דאך אליין ניט אין די בעוועגונג?

קאפראן. געוויס... געוויס... פון דעסטוועגען, איז
ארגאנד אליין מסכים, אז דער מענש האט א ווירקונג אויף די
ארבייטער; ער פערזיכערט, אז ער האט א קראפט צו ריידען.. ער
קען צוציהען מענשען.. ער האט די פיהיגקייט צו פריידיגען זעלבסט-
אפפערונג אין גרוים מוטה! דאס איז נאך מעהר, וויפיעל מען דארף,
זייט זיכער, מיין טייערער דעלאטרוד, כדי צו פערסמ'ען די גאנצע
געגענד!

~~דעלאטרוד. ניין, דאס זיינען נאר אלץ אריסטאקראטישע~~
~~און בורזשואזע מעלות.. זיי קענען ניט בעגייסטערען דעם פשוטען~~
~~ארבייטער.~~

זשענעוויעווע. איך מיין אנדערש, ווי איהר.. איך קען
דעם זשאן רול!.. ער איז איין שרעקליכער מענש!

דעלאטרוד. ניין, מיין ליעבע זשענעוויעווע, אומזיסט
שרעקט איהר זיך... אין עצם, זיינען די מענשען גאר ניט...
מענשען קען מען אלע מאל איינגעהמען... די אידעען זיינען שרעק=
ליך... פון דעם זייט איז דא די לאגע, איך זאג נאך אמאל, די
לאגע איז דא זעהר גוט. אויף וואס, למשל, קענען זיך די ארביי-
טער קלאגען?... זיי זיינען דא גליקליך...

קאפראן. צו גליקליך... אט דאס איז דאך דער קלאג...

דעלאטרוד. זיי האבען אלץ וואס מען דארף... גוטע
שכירות... גוטע דירות... א געוויסע פערזיכערונג... און סינדי=
קאטען, וואס איך געפין אויך פאר צופיעל, מיין ליעבער קאפראן!

קאפראן. זאגט בעסער, אז דאס איז איין סקאנדאל...
איין משונה'דיגע זאך. (ער ווערט אביסל אויפגערעגט). ווי... א

ארבייטער... פראָסטע ארבייטער, מענשען אָהן בילדונג... אָהן זיטליכקייט, וואָס האָבען קיין פערראַנטוואָרטליכקייט אויף זיך ניט, קיינע התחיבות'ן אין לעבען... מענשען, וואָס האָבען קיין גראָשען ניט, מענשען, וואָס עסען אויף, אָדער בעסער געזאָגט, וואָס פערשכור'ן אַלץ, וואָס זיי פערדיענען.. ווי נאָר זיי פערדיענען עפּעס... אַז זיי זאָלען אויך האָבען דאָס רעכט צו מאַכען סינדיקאַטען, אַזוי ווי מיר, בעלי-הבתים... זיך פערטיידיגען נעגען אונז? איידער דערלאָזען אַזאַ אונמעסיגע, אַזאַ געגען-געזעלשאַפטליכע רעכט... וואָלט איך בעסער פערברענען מיינע פאַבריקען.. יע, איך וואָלט זיי פערברענט מיט מיינע אייגענע הענד. (ער זעהט, ווי ראָבערט טהוט זיך אַריהר). אָ-אָ! איך פערשטיי... איהר ווילט מיר עפּעס זאָגען אַנטקעגען...

ראָבערט. (זעהר קאַלט) איך, מיין הערר, איך וויל אייך גאָרנישט ענטפער'ן... איך הער זיך מעהר ניט צו... רעדט ווייטער!

קאַפּראָן. טע-טע-טע! איהר ווילט זאָגען, די מיינונגען בייטען זיך, אַז זיי האָבען זיך שוין געביטען... אַז זיי וועלען זיך נאָך בייטען... אמת?

ראָבערט (זייער אונבעשטימט). אויב איהר ווילט... זאָל זיין אַזוי.

קאַפּראָן. נו, פאַר מיר איז דאָס אַלץ איינס!.. איך וויל נור בעווייזען דאָס, אַז דער אינטערעס איז אַ זאַך, וואָס מען קען ניט איבערשפּאַרען, וואָס ווערט ניט געביטען און קען ניט ווערען אָבגעשאַפט, פערשטעהט איהר?.. און דער אינטערעס פאָדערט, אַז איך זאָל שטרעבען ווערען רייכער מיט אַלע מעגליכע דרכים און וואָס מעהר.. איך דאַרף גאָר ניט וויסען דאָס, יענץ... איך ווער מתעשר — און מעהר גאָרניט... וואָס אָנבעלאַנגט די אַרבייטער, וועלען זיי דאָך בעקומען זייערע שכירות, ניט אמת? לאָזען זיי אונז לאָזען בכן צו רוה! איהר וועט דאָך, רעכען איך, ניט פערגלייכען אַיין עקאָנאָמיסט און אַיין מענש וואָס שאַפט רייכטימער, ווי איך, מיט אַיין טעמפּען אַרבייטער, וואָס ווייס קיין איין זאַך ניט, וואָס ווייס אפילו ניט וואָס איז דאָס זשאַן באַפּטיסט, סיי און לערואַ-באָליאָ!.. דער אַרבייטער, דאָס, מיין פריינד, איז דער לעבעדיגער אַקערפעלד, וואָס איך בעאַרבייט, וואָס איך גראָב טיעף פערנאַנדער ביז'ן זאַמדיגען גרונט און נוץ אויס. (ווערענדיג אויפגערעגט) דאָס איז אַיין פעלד וואָס איך היב אויף גרויסע שטיקערווייז, כדי איהם צו פערזייהען מיט זוימען פון רייכטהום.. און דאָס וואָס וועט אויפוואַקסען וועל איך צוזאַמענקלייבען און בעהאַלטען אין שפּייכלערס, אין קאַסטענס... וואָס געהערט דאָרטען סאָציאַלע פרייהייט און גלייכהייט און וואָס איהר זאָגט דאָרטען אחדות.. מיין גאָט, מיר מאַכט גאָר ניט אויס, אויב דאָס וועט מקוים ווערען אויף



יענער וועלט. און דאָ אויף דער וועלט... וואַרט! זשאַנדאַרען, נאָך זשאַנדאַרען און אימער זשאַנדאַרען... אָט אַזוי לייז איך די געזעלשאַפטליכע פראַגע. אָט ווי אַזוי!

דיואָרמעל. איהר פערגייט אַביסל צו ווייט, קאַפּראָן!. איך בין ניט אַזאַ פערביטענער, ווי איהר... אָבער איך קען ניט לייקענען, אַז איהר זייט אין אַפּולע זאַכען גערעכט.

קאַפּראָן. ניט שוין זוי ניין!.. דאָס זיינען ניט קיין ווערטער אויפ'ן ווינד: איך בין ניט קיין פּאָעט, און ניט קיין טרוימער.. איך בין אַיין עקאָנאָמיסט.. איך בין אַיין דענקער... און פערגעסט אויך ניט, איך בין אַ רעפּובליקאַנער, אַיין אמת'ער רעפּובליקאַנער!.. אין מיר רעדט ניט דער עבר, נאָר דער גייסט פון היינטיגער וועלט... און אַלס אַיין רעפּובליקאַנער, וועט איהר, פערשטייט זיך, ביי מיר שטענדיג געפינען די גרייטקייט מיט מיין אייגענעם ברוסט פערטיידיגען די גרויסע וואַהרהייטען, וואָס זיינען ערקעמפט געוואָרען אין 1789 יאָהר געגען די עקעלהאַפטע זשעדנעקייט פון די אָרימע...

דיואָרמעל. עס איז קיין ספק, אַז מען קען ניט אונבעשטראָפט איבערבייטען עפּעס פון דעם, וואָס עקזיסטירט איצטער... אין אַיין גוטאַיינגעאָרדנעטער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט מוזען זיין רייכע און אָרימע... דאָס איז קלאָר! וואָס וואָלט פאָרט געוואָרען פון די רייכע, ווען עס וואָלטען ניט געוועזען קיין אָרימע? און וואָס וואָלטען געטהאָן די אָרימע, ווען עס וואָלט קיין רייכע ניט געוועזען?

קאַפּראָן. דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג... אָרימע לייט דאַרף מען האָבען כדי די רייכע זאָלען בעסער פיהלען, ווי גוט עס איז צו זיין רייך!.. און די רייכע פערקעהרט דאַרפען זיין, כדי די אָרימע זאָלען זיך קענען פון זיי אַראָפּנעהמען אַ משל אין אַלע גוטע מדות.

דיואָרמעל. פראַכטפאָל ערקלערט אין קורצע ווערטער!

דעלאַטרוד. אָט דאָס איז אַיין שפּריכוואָרט, וואָס האָט געדאַרפט ווערען אַ לאָזונג אין אַלע אונזערע איינריכטונגען און אַנשטאַלטען.

דיואָרמעל. דאָס איז אַזוי ריכטיג, אַז איך וועל זיך זאָגאַר ערלויבען זיך מודה זיין און עפּעס... (אַלע הערען זיך אויפמערקזאַם צו). איהר ווייסט אַלע, אַז איך בין אַ יעגער! און ווען איך בין געוועזען אָרים.. (זשענעוויעווען) ווייל איך בין אַמאָל געוועזען אָרים, פריילין... (אין גוטען מוטה) איהר זעהט, אַז מען שטאַרבט פון דעם ניט, חלילה.. בכן, אַז איך בין געוועזען אָרים, האָב איך ניט געקענט דערלאָזען, אַז עס זאָלען עקזיסטירען פריווילעגירטע יאַגד און איך בין געוועזען ערנסט אויפגעבראַכט, וואָס מען לאָזט

ניט אַלעמען פֿריי פֿאָהרען אויף יאַכט, אָס וויינגסטענס אויף די מלוכה'שע ערד. אַז איך בין געוואָרען רייך, האָב איך גלייך איבערגעביטען מיין מיינונג.

קאַפּראָן. און ווי נאָך!. ביי אייך האָבען זיך די אויגען געעפֿענט... איהר האָט דייטליך אָנגעהויבען זעהען...

דיוואָרמעל. איך האָב גלייך פֿערשטאַנען די עקאָנאָמישע מעלות פֿון די גרויסע יאַגד, ווען איך האָב דערזעהן מענשען, וואָס זיינען איבערגעבען דער זאַך, וואָס גיבען אויס דריי הונדערט טויזענד פֿראַנק אַיאָהר אויף אויסצוהאָדעווען פֿאַזאַנען.

קאַפּראָן. „די עקאָנאָמישע וויגאָדע פֿון גרויסע יאַגדען", אמת גוט געזאָגט.

דיוואָרמעל. און אין אמת'ן, קען דער אָרימער יעגער איינגעבען 300 טויזענד פֿראַנק אויף איים צוהאָדעווען פֿאַזאַנען?..

קאַפּראָן. (צו ראָבערט'ן) פּריבט אָפּשלאָגען דעם קלאַפּ, יונגער מאַן.

דיוואָרמעל. און [די דריי הונדערט טויזענד. אויף וואָס גייהען זיי אייגענטליך אַוועק?.. זיי גייהען אַוועק פֿאַר אַלעמען.. זיי גייהען ווייטער אַוועק אין די מאַססע.

קאַפּראָן. מען דאַרף זיך פּראָסט וואונדערן איבער די מוטערליכע זאָרג פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאַר די אָרימע יעגער.

דיוואָרמעל. פֿערשטעהט זיך... דאָ האָט יעדער זיין נוץ...

קאַפּראָן. דאָס קען מען ניט אָפּלייקענען, סיי פֿון דער עקאָנאָמישער זייט, סיי פֿון דער וויסענשאַפֿטליכער, סיי פֿון דער מאַטעמאַטישער קען מען דאָס ניט אָפּלייקענען! די גאַנצע פֿראַגע שטעקט אין דעם!

דיוואָרמעל. די פֿראַגע בעשטעהט נאָך אין דעם, און מיין אייגענער משל בעווייזט דאָס, אַז יעדער'ן איז אייגענטליך גרינג רייך צו ווערען, מען דאַרף מעהר ניט בענוצען די אָרדנונג, שפּאָרזאַמקייט... און אַכטונג צום געזעץ.

קאַפּראָן. און פּרובט זיי פּרעדיגען דיזע געזונדע פּרינציפּען, זיי וועלען אייך אָנרופֿען עקספּלואַטאַטאָר. (מאַכט אין כעס עטליכע טריט איבער'ן צימער, פֿערלייגט די הענד אויף הינטען, נאָכהער מאַכט מיט אַמאָל מיט'ן האַנד אַזוי, ווי ער וואָלט פֿערדרייהען אַשרויף). פֿערשרויפֿען דעם צוואַנג.. צוקוועטשען... צודריקען... מעהר ווי דאָס דאַרף מען ניט (ווענדעט זיך צו ראָבערט'ן, וואָס איז צוגעגאַנגען צו זיי) יע!.. יע!.. לאַכט אייך, קוועטשט מיט די פּלייצעס.. איהר זייט יונג.. איהר גלויבט נאָך אין די אַלע פּלוידערייי... אָבער נאָכהער שפּעטער, וועט איהר זיך ענטזאָגען פֿון זיי!..



דיוואָרמעל. מיר זיינען אַלע געווען עהנליך צו אייך. מיר זיינען אַלע געווען אַזוי, ווי איהר, ראָבערט. אָבער דער לעבען און די ערפֿאַהרונג פֿערריכטען אונזערע אָנשויאונגען און היילען אונז אויס פֿון אונזערע פֿערפֿיהרונגען.. לעבען! דאָס איז ניט אַלע מאָל אַפֿרייליכע זאַך... בפרט פֿאַר אונז.

דעלאַטרוד. מיר האָבען אונזערע ליידען, אונזערע קלעמענים, אונזערע מאַטערנים, עסקים, שווערע פּפֿליכטען, וואָס די אָרימע ווייסען פֿון דעם ניט. די אָרימע לייט זיינען פֿרייע מענשען... זיי טהוען, וואָס זיי ווילען... זיי דאַרפֿען קלעהרען מעהר ניט פֿאַר זיך... אין דער צייט, ווען מיר.. (ער זיפֿצט..) אין אונזער לאַגע אָבער איז איבערהויפּט שלעכט דאָס וואָס מיר קענען גאָר ניט ווערען אָרים. אויב אונז פֿערוואָלט זיך דאָס אפילו! אָט נעמט למשל מיר, מיין ליעבע זשענעוויעווע, איך האָב ניט איין מאָל געטרוימט וועגען דעם. איך וואָלט וואָרט ווען האָבען איין קליינינקען פֿעלד מיט איין הייזעלע, איין קוה, איין פֿערד און צוויי טויזענד פֿראַנק, מעהר אָגראָשען ניט.. צוויי טויזענד פֿ־אַנק, וועלכע איך וואָלט פֿערהאָרעוועט, אַקערנדיג [illegible] מיין אייגענעס שטיקעל פֿעלד... זיין אַ אָרימאַן... דאָס איז דאָך אַזאַ גליק! וואָס פֿאַר אַ שמחה דאָס וואָלט געווען, וואָס פֿאַר אַשיינער פּאַטריאַרכאַלער לעבענס־בילד [illegible]! ניט טראָגען מעהר קיין פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר דעם כלל, ניט פֿערנעהמען קיין אָנגעזעהענעם אָרט אין דער געזעלשאַפֿט, ניט ליידען פֿון די פֿונאַנדערברייטונג פֿון מאָגען, ניט פֿון נייראַסטעניע, ניט פֿון פּאָדאַגראַ!.. אָרימע לייט ווייסען ניט פֿון [illegible] א... וואָס פֿאַר אַ גליקליכע מענשען! איך קען אפילו אין [illegible] זיין אַזאַ גליקליכער, רוהיגער, געזונדער אָרימאַן!

זשענעוויעווע. ווער זשע לאָזט אייך דאָס ניט?

דעלאַטרוד. אָבער, מיין ליעבעס קינד, איך האָב [illegible] הייזער, פּאַלאַצען, וועלדער, יאַגד און פֿריינד. בעדיענער... [illegible] בין צוגעשמידט צו די רייכטהום! (ער זיפֿצט) [illegible] ווייענדיג מוז איך דאָס שלעפּען! (קאַפּראָן און דיוואָרמעל [illegible] אויס זייער מיטשטימונג, זיפֿצען אויך און הויבען אויף די הענד צום הימעל..).

זשענעוויעווע. (הויבט זיך אויף און געהט צום טיר) דער פּאַפּאַ געהט נאָך אַלץ ניט... איך הויב זיך אָן צו בעאונרוהיגען, כ'לעבען!

דעלאַטרוד. (ווענדעט זיך צו דיוואָרמעל און קאַפּראָן) זיהר זעהט... זיא איז אונרוהיג... אָרימע לייט האָבען דען ווען [illegible]ס איז אונרוה?.. (ער שטעלט זיך). און זיי זיינען נאָך אונז

בקנא!.. (ער קעהרט זיך אום און זעהט אַז ראָבערט האָט זיך ווייטער אַוועקגערוקט צום גרויסען פענסטער אין ווינקעל צימער) וואָס האָט איהר זיך פעררוקט אין ווינקעל? ראָבערט?.. וואָס רעדט איהר גאָר ניט?

ראָבערט. (וועלכער ווייזט אַרויס סימנים פון אויפגערעגטקייט די צייט פון די גאַנצע סצענע). וואָס קען איך אייך זאָגען?... איהר זייט טויב, אַז מען קען אייך שוין ניט אויסהיילען! איהר דערהערט ניט אַזוי די שטימע, וואָס בעט זיך ביי אייך, ווי די שטימע, וואָס סטראַשעט אייך. האָבענדיג מעהר ניט נאָך וויי-ניג ר רחמנות און נאָך אַגרעסערע גרויזאַמע, זשעדנע תאוה צו כבוד, זייט איהר עהנליך צו יענע, וואָס זיינען געווען מיט הונדערט יאָהר פאַר אייך! אַז די רעוואָלוציאָן איז שוין געקומען, אַז זי האָט שוין אַריינגעלאָזען איהרע נעגעל אין זייער קערפער און האָט שוועהר געעטעמט זיי אין צורה מיט איהר בלוטיגען אָטעם, פלעגען זיי נאָך אַלץ זאָגען ווי איהר! „ניין... ס'איז גאָר נישט... ס'איז אַלע מאל אַזוי געווען, עס וועט אַלע מאָל אַזוי בלייבען, ס'וועט קיינמאָל ניט אָנקומען די צייט פון אָרימע לייט!" ניין... פונדעסטוועגען איז די שעה געקומען...

קאַפּראָן. וואָס פאַר אַ ליעדעלע זינגט איהר אונז דאָ?.. די רעוואָלוציע... מיר האָבען איהר דאָך אַליין געמאַכט?

ראָבערט. איהר האָט איהר געבראַכט... אָבער איצטער וועט זי אייך אַוועקטראָגען. (עס דערהערט זיך אַניטקלאָהרער טומעל, ווייטע געשרייען, געזאַנג. ראָבערט עפענט דעם פענסטער און ווייזט מיט דעם האַנד אויף דעם זייט, פון וואַנען עס דערהערט זיך דער גערויש). צו הערט איהר אַמווייניגסטען? (אַלע ציעהען אוים דעם קאָפּ צום פענסטער).

קאַפּראָן. וואָס איז דאָס?

ראָבערט. דאָס געהט דער אָרימאַן!.. (אַיין טיעפע שטילקייט אין צימער. די געשרייען ווערען נעהענטער, דער געזאַנג איז דייטליכער. אַלע דריי, קאַפּראָן, דיואָרמעל און דעלאַטרוד הערען זיך איין, האַלטענדיג אַלץ מעהר אויסגעצויגען די קאָפּ. אַלע זיינען געבליבען אויף זייערע ערטער, בלאַס). דאָס געהט דער אָרימאַן... דער אָרימאַן אויף וועלכען איהר, הערר דעלאַטרוד, זאָגט, אַז ער איז ניטאָ! דער אָרימאַן, וועלכען איהר אַקערט, וועלכען איהר הויבט אויף שטיקערווייז, הערר קאַפּראָן. (געשרייען: „עס לעבע דער שטרייק!" הערען זיך גאָר דייטליך) צו הערט איהר האָטש דעם מאָל דעם אָרימאַן? היינט געהט ער אַהער, מאָרגען וועט ער זיין ביי אייך און איבערמאָרגען וועט ער זיין אומעטום! (אין דעם פערשטיקטען טומעל פון דער געהענדער מאַססע מענשען קלינגט



די ליעד „קאַרמאַניאָל") איך האָב ערנסט מורא, הערר דיואָרמעל, אַז אייער יאַגד וועט מען מוזען אָפּלייגען. (ראָבערט פערמאַכט דעם פענסטער). בכן, איז שוין צו אַלץ אַסוף? איהר רעדט שוין מעהר נאָר ניט? וואו האָט זיך אַהינגעטהאָן אייער גאַנצער ברען פון קאַמפף?.. אייער העלדישקייט?.. איהר זייט דען שוין צושלאָגען... ווי! עס איז גענוג, אַז עטליכע אָרימעלייט זאָלען אָנהויבען זינגען אויף'ן וועג, אַז איהר זאָלט בלייבען שטעהן אָהן לשון, בלאַסע פון שרעק!..

קאַפּראָן. פאַר שרעק!.. ערלויבט, וואָס רעדט איהר דאָס... איהר!.. איך!.. א!.. עס דאַרף שוין אַזוי זיין! (דער טומעל און די קולות ווערען שטאַרקער, קאַפּראָן, ווייזענדיג דעם קילאַק צו דער זייט פון פענסטער). אויסוואַרפען!

דעלאַטרוד. (ער איז גובר אין זיך דעם שרעק.) לאָזט זיי זיינען שכור.

ראָבערט. שכור? עס קען זיין... אָבער פון וואָס האָבען זיי זיך אָנגעשכור'ט? איהר ווייסט פאַר וואָס?

קאַפּראָן. אָך, איהר זייט מיר דערעסען אָם ענדע!.. צוליעב וואָס זייט איהר היינט דאָ? צוליעב וואָס זייט איהר דאָ?.. דאָס איז איצטער קלאָהר! א—א! זיי זיינען דאָך אייערע פריינד! איהר זייט אַהער געקוממען... אַ שוואַרץ יאָהר!

ראָבערט. בערוהיגט אייך, מיין הערר!

דיואָרמעל. מיר ווילען זעהן! מיר ווילען זעהן... עס איז גאָר ניט אַזאַ ערנסטע זאַך. איך וויל בשום אופן ניט דערלאָזען, אַז דאָס זאָל זיין עפּעס ערנסט!.. זיי שפּיעלען זיך פּראָסט...

זשענעוויעווע. (צורודערט, נעהמט ניט אַראָפּ די אויגען פון טיר) און מיין פאָטער.. ער קומט נאָך אַלץ ניט...

קאַפּראָן. דער טויער איז פערמאַכט?

זשענעוויעווע. (אויסער זיך, קלינגט, געהט אין פאָדער-צימער, בויגט זיך אַריבער איבער דעם פאַרענץ). יוסף!.. אַדעל... באַפּטיסט!.. (בויגט זיך נאָך מעהר אַריבער איבער דעם פאַרענץ) פערמאַכט דעם טויער!.. הייסט פערמאַכען דעם טויער! (צוטראָגען און ציטערנדיג, געהט זי אַריין אין מאַסטערסקאַיאַ, ראָבערט סטאַרעוועט זיך איהר צו בערוהיגען). גאָט מיינער! גאָט מיינער!..

קאַפּראָן. מיר זאָלען נאָר קענען אַוועקפאָהרען צו זיך אַהיים!.. (אַרנאַנד בעוויזט זיך) א! אָט איז אַרנאַנד אויך...

זשענעוויעווע. פאָטער, פאָטער מיינער! (אַלע רינגלען אַרום אַרנאַנדען)

## זעקסטע ערשיינונג.

די זעלבע, אַרגאַנד.

קאַפּראָן. נו, וואָס?

אַרגאַנד. (קוקט אויף די געסט מיט וואונדער, כמעט מיט פֿעראַכטונג). בערוהיגט זיך, טייערער קאַפּראָן... דער טויער איז פֿערמאַכט.

קאַפּראָן. יע... אָבער... די וועג?..

אַרגאַנד. די וועג איז פֿריי פֿון יענעם זייט פּאַרק... איך האָב געהייסען איינשפּאַנען אייערע פֿערד... איהר קענט פֿאָהרען אַהיים אָהן מורא, די איינציגע אונאַנגענעהמליכקייט איז דאָס, וואָס איהר וועט דאַרפֿען פֿאָהרען אַרום.

קאַפּראָן. אויב אַזוי, לאָמיר פֿאָהרען. (די גאַנצע צייט ווערען ניט שטיל די קולות, זיי פֿערשטאַרקען זיך. עס הערט זיך זייער דייטליך: „נידער מיט אַרגאַנד'ן!", „עס לעבע דער שטרייק!").

דעלאַטרוד. לאָמיר פֿאָהרען... לאָמיר פֿאָהרען! איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט... און מיין הוט? וואו איז מיין הוט? (ער זוכט זיין הוט און געפֿינט איהר ניט). דאָס איז שרעקליך! און אַט... וויל... מיט איין וואָרט... דאָ איז איין שטרייק!.. וואו נייט מען? וואו איז מיין הוט?

אַרגאַנד. (נעהמט דעלאַטרוד'ס הוט, וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש). זייט ניט אַזוי צורודערט, דעלאַטרוד!.. אַט איז אייער קאַפּעלוש!. פֿאָהרט!..

קאַפּראָן. (ביט פּאַראַד נעהמט פֿאַר'ן האַנד אַרגאַנד'ן). מיין ליעבער אַרגאַנד!.. איהר האָט שוין אויסגעפּרובט אַלע מיטלען פֿון שלום... איהר האָט זאַט געמאַכט די אַרבייטער אַריבער און אַריבער... צוליעב די גזלנים האָט איהר זיך פֿעראָרימט... איהר האָט זיי אָוועקגעגעבען אַלץ ביז די לעצטע העמד... וואָס דאַרפֿען זיי נאָך?.. ניין... ניין.. איהר טאָרט זיך ניט מישב זיין נאָך... איצטער זאָלען ריידען די ביקסען... מעהר ענערגיע, מיין פֿריינד, און בעזונדערס חיל... חיל... טהוט אַ קלער וועגען דעם. אַז איהר בעשיצט ניט נאָר זיך און אייערע פֿאַבריקען, נאָר אויך אונז.. נעהמט דאָס דער טייוועל — און די פֿרייהייט פֿון יעדער'נס אַרבייט און די גאַנצע געזעלשאַפֿט.

דיואָרמעל. גיט ושע ניט נאָך ניט אויף איין טריט. זיי וועלען זיך גיך אונטערגעבען.

קאַפּראָן. אַך, ווען איהר וואָלט אַביסל שטייפֿער פֿערשטיפֿט דעם צוואַנג! איך האָב אייך דען ניט געזאָגט!..



דעלאַטרוד. איך האָב שוין אויף שטענדיג פֿיינט געקריגען דעם ליבעראַליזמוס!.. מעהר ענערגיע...

אַרגאַנד. (בעלאַגערט פֿון אַלע זייטען). יע... יע... פֿערלאָזט זיך אויף מיר! אַדיע!.. פֿאָהרט אָפּ!

קאַפּראָן. איהר ווייסט אָם וועניגסטענס געווים, אַז די וועג איז פֿריי?

אַרגאַנד. געווים! אָבער פֿאָהרט שוין אָפּ!..

קאַפּראָן. און חיל.. גלייך חיל!

דיואָרמעל. גיט זיי איין אָנלערנונג... איין גרויזאַמען אָנלערנונג.

דעלאַטרוד. מיר פֿערלאָזען זיך אויף אייך.

אַרגאַנד. יע... יע!.. (אַלע דריי פֿאָהרען אַוועק. זיי געזעגענען זיך, אַרגאַנד בעגלייט זיי מיט איין איראָנישען קוק). עלענדע מענשען! און דאָס זיינען מיינע חברים!

## זיעבעטע ערשיינונג.

אַרגאַנד, ראָבערט, זשענעוויעווע.

אויפ'ן גאַס הערען זיך געשרייען, קולות, אויסרופֿען, געזאַנג, דער טומעל ווערט דאָ שטאַרקער און דאָ שטילער, ווי אויפ'ן ים. אַרגאַנד איז אַביסל פֿינסטער אָבער גאַנץ רוהיג; ער זעצט זיך אין פֿאָטעל; געבען איהם געפֿינען זיך די ציטערנדע זשענעוויעווע און ראָבערט, וואָס איז אומעטיג פֿערקלעהרט).

אַרגאַנד. גיעב מיר אַביסל וואַססער, זשענעוויעווע (זשענעוויעווע גיסט אָן אַביסל וואַססער אין גלאָז, אַרגאַנד טרינקט מיט חשק). דאַנק, מיין קינד. (אַ קורצער שווייגען). און דו, ראָבערט?

ראָבערט. פֿאָטער!

אַרגאַנד. דו זאָלסט היינט אַוועקפֿאָהרען.

ראָבערט. איך האָב זיך געקליעבען בעטען אייך וועגען דעם, פֿאָטער. (צוטומעלט און אונזיכער). אָבער פֿאַר'ן אַוועקפֿאָהרען ערלויבט מיר...

אַרגאַנד. (רייסט איהם איבער). רייד קיין איין וואָרט ניט... איך בעט דיר... איך מאַך דיר אין קיין זאַך ניט שולדיג... איך וואַרף דיר קיין זאַך ניט אויף! (איין געררויש הערט זיך: „עס לעבע ראָבערט אַרגאַנד! עס לעבע דער שטרייק!" ראָבערט, בעראָרישט, וויל פּראָטעסטירען, אַרגאַנד שטעלט איהם אָפּ מיט'ן האַנד, איין קורצער, זעהר שווערער שווייגען. צום סוף רעדט ווייטער אַרגאַנד מיט אַ פֿערביטענע שטימע און מיט אַ געדריקטע האַרץ). איך וואַרף דיר קיין זאַך ניט אויף... אָבער פֿערגרעסער ניט מיט

אונגוצליכע רייד דעם טרויעריגען מהלך, וועלכען... די געשעהניס מאַכט צווישען אונז.

ראָבערט. פֿאָטער!.. פֿאָטער!..

אַרגאַנד. (מיט ווירדע). צווישען אונז ביידען, מיין קינד, וועט מעהר קיין זאַך ניט זיין, חוץ שווייגען! (שטעלט זיך).

ראָבערט. (צורודערט וואַרפֿט זיך אין דעם פֿאָטערס אָרימס) איך ליעב דיר... איך שעץ דיר... און איך געטרוי דיין רחמנות... דיין יושר... (אין דעם מאָמענט פֿאַלט אַריין אַ שטיין פֿון גאַס צו די פֿיס פֿון אַרגאַנד'ן און צוברעכט איין שויב פֿון גרויסען פֿענסטער. ושענעוויעווע גיט אַ געשריי).

אַרגאַנד. (הויבט אויף דעם שטיין). אָט איז יושר! (ער לייגט אַוועק דעם שטיין אויפֿ'ן שטול).

(דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט).

---

# דריטער אקט.

---

אַרגאַנדס קאַבינעט. ער איז שטרייגג אָבער רייך אויסגעשטעלט. אַ טיר אין דער טיעף; רעכטס און לינקס פֿון די טיר גרויסע ביכער־אַלמערס. אויף די ווענד פֿאָרצייטיגע טייערע אָביצעס. צווישען צוויי פֿענסטער אַקאַמין; אויפֿ'ן קאַמין אַ מאַרמאָרנער ביוסט. אַנטקעגען קאַמין אַגרויסער שרייב־טיש מיט גער־שעפֿטס־פּאַפּירען, פּאַטיילען מיט הויכע רוקענס; אַ קאַנאַפּע, פֿערשיעדענע שטיינער און מינעראַלען אינטער אַ גלאָז.

אַרגאַנד זיצט ביים טיש און איז בעשעפֿטיגט. דער לאַקיי פֿיהרט אריין מענרע, וועלכער זעצט זיך גענען אַרגאַנד'ן פֿון אנדערן זייט טיש.

---

## ערשטע ערשיינונג.

אַרגאַנד, מענרע.

מענרע. (דערזעהענדיג דעם לאָמפּ אויפֿ'ן טיש נעבען אַרגאַנד'ן) אַ!.. איהר האָט זיך היינטיגע נאַכט אויך ניט צוגעליינט?

אַרגאַנד. איך האָב זיך אָפּגערוהט עטליכע שטונדען דאָ אויפֿ'ן קאַנאַפּע. וואָס הערט זיך נייעס?

מענרע. די אויסריכטער זיינען אויך ניט געקומען אין די וואַרשטאַטען. זיי האַלטען אויך מיט די שטרייקער. איינענטליך האָט מען דאָס געדאַרפֿט פֿריהער וויסען... איך האָב געדאַרפֿט הייסען אויסלעשען די פֿייער אין די דאַמפּפֿקעסלען.

אַרגאַנד. אָבער עס זיינען ניט געווען אַזוינע צולאָזענע סצענעס, ווי נעכטען?

מענרע. ניין. די נאַכט איז פֿערביי לפֿי ערך רוהיג. נעכטען ביי נאַכט האָט זשאַן רול געמאַכט אַ פֿערזאַמלונג פֿון די שטרייקער אין פּרע־דיו־רואַ. ער איז אַרויפֿגעקלעטערט אויפֿ'ן טיש און ביים שיין פֿון עטליכע ליכט האָט ער זיי געלייענט ביכלאַך פֿון פיין און ליידען... ווען ער פֿלעגט ווערען פֿערמאַטערט, פֿלעגט מאַרלענע נעהמען ביי איהם פֿון האַנד דעם בוך און פֿלעגט אַליין לייענען מיט אַ דורכנעמענע שטימע. [illegible]

~~אדער צוליעב דעם, וואס דער ליגנען האט זי ניט אינטערעסירט~~
נאר צווישען די צוהערער זיינען געווען זייער ווייניג מענער... דאר-
טען זיינען געוועו אם מייסטענס פרויענצימער, וואס האבען זיך
צוגעהערט צום לייענען מיט א טיפען שווייגען, פונקט אזוי אויפ-
מערקזאם, ווי צו א דרשה. און נאכהער זיינען זיי זיך אלע פונאנ-
דערגעגאנגען אהן א טומעל, אהן א אונארדנונג

ארגאנד. וואס פאר א מאדנע פערזאן דער זשאן רול איז, עס איז איהם ניט צו פערשטעהן! ביי אנדערע צייטען... וואלט ער אפשר געווען א גרויסער מענש און א גרויסער פערשפרייטער פון נייע אידעען.

מעגרע. איך ווייס ניט, אבער ביי היינטיגען טאג איז ער א געפעהרליכער אויסוואורף. צום גליק האט ער ניט קיין פאליטי-שען חוש-ר'ח און ער ווייסט ניט, וואוהין ער געהט און וואס ער וויל! ווע: ניט דאס, ביי זיין ווירקינג, וואס ער האט אויף די שוואכע מוחות, וואלט דער קאמפף געווען א שווערער איז א שרעק-ליכע־ער.

ארגאנד. פאר די מיסטיקער דארף מען מורא האבען מעהר ווי פאר אנדערע. זיי ווירקען מעהר פאר אנדערע אויף די הערצער פון דעם המון, וועלכער ווערט ענטציקט פאר דאס אלץ, וואס עס איז איהם ניט פערשטענדליך. און מארלענע? ! וואס פאר א וואונדערבארע פערבייטונג!..

מעגרע. עס קען זיין, פאר איהר איז דא מעהר וואס מורא צו האבען. ווי פאר זשאן רול'ן אליין. אין איהרע אויגען ברענט אזא בייזער פייערל!.. (א שווייגען).

ארגאנד. איהר ווייסט, געוויס אז זיי האבען קיין געלד ניט ?

מעגרע. געוויס!.. זיי ליידען שוין הונגער!.. דאס וואס זיי האבען אויסגערויבט פון ראדע'ס בשמים-קרעמל און איינעם— צווי זעקלאך בולקעס וועט קלעקען ניט אויף לאנג. עס קען זיין, זיי וועלען זיך נאך האלטען א קורצע צייט — נו, און וואס וועט זיין מארגען, איבערמארגען?

ארגאנד. בכן?

מעגרע. בכן, ניט קוקענדיג אויף אלע ניט-גינסטיגע אויסערליכע סימנים האבען זיי שוין ווייניגער בעגייסטערונג... וויי-ניגער גלויבען!.. איניגע זיינען שוין ניט צופריעדען מיט זשאן רול'ן.. די שלעפער קענען זיך שוין ניט ווידערן נאך א וואך הונ-גערן!

ארגאנד. איך קען ניט פערשטעהן די סבות, צוליעב וועלכע זשאן רול האט זיך ענטזאגט פון די מיטהילף פון די ראַ-



דיקאלע און סאציאליסטישע דעפוטאטען?.. מיט דעם האט ער גע-טהאן א שאדען דעם שטרייק... אויף וואס פארט האפט ער?

מעגרע. אויף א נס! ער האפט אויפוועקען אין די מענשען דעם העלדענמוטה. (שאקעלט מיט'ן קאפ) צום גליק, פאסט דאס נים פאר אונזערע צייטען.

ארגאנד. (פערקלעהרט) עס קען זיין...

מעגרע. (מיט צווייפעל). ווי די זאך איז, אבער עס איז שוין צייט... חיל...

ארגאנד. חיל וועט היינט צו אונז קומען... ניט אהן צער האב איך זיך ענטשלאסען צו דעם לעצטען מיטעל... איצ-טער איז דאך גענוג די קלענסטע אויפרעגונג, דער קלענסטער אויסרוף... וועלכער איז אונמישנער טעות, אז עס זאל ריגען בלוט (א שווייגען). צו האב איך אבער געקענט טהאן אנדערש? דא זיינען דא אונשולדיגע נפשות, וועלכע זיינען אין סכנה און וואס איך דארף זיי בעשיצען. חוץ דעם רעכען איך, אז דער חיל וועט ניט אויסניטצען זיין כח צום שלעכטען... (א שווייגען) און מיין זון?

מעגרע. איך האב געוואלט ריידען מיט אייך וועגען איהם... דער הערר ראבערט האט זיך נעכטען געזעהען מיט זשאן רול'ן נאך פאר די פערזאמלונג פון די שטרייקער אין פרע-דא-רוא.

ארגאנד. דאס איז אונמעגליך!

מעגרע. ענטשילדיגט מיר.. דאס איז אזוי!

ארגאנד. איהר ווייסט דאס בעשטימט?

מעגרע. א געוויס!

ארגאנד. מיט וואס פאר א צוועק? (מעגרע מאכט מיט'ן האנד, אז מעהר ווייס ער גאר נישט). פון דאמאלסט אן, ווי די שטרייקער האבען איהם אומגעקעהרט פון וואקזאל, ווען איך האב איהם געהייסען אוועקפאהרען, מיט אויסשרייען: „עס לעבע ראָ-בערט ארגאנד!" און ווי זיי האבען איהם געבראכט אהער, פון יענער צייט איז ער ביי זיי ווי אין געפאנגענשאפט. ראבערט האט דוכט זיך פערשטאנען, און וואס פאר א שענדליכע און משוגה'דיגע לאגע ער געפינט זיך אי צו מיר, אי צו זיי נאך דעם געשעהענים, און ווירקליך.. איך האב נעכטען בעמערקט, אז ער איז מעהר צורודערט ווי אלע מאל און מעהר פער'חשב'ט.. עטליכע מאל האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז ער וויל מיר עפעס זאגען.. אבער ער האר קיין זאך ניט געזאגט!

מעגרע. עס קען זיין, ער האט געמאכט א טרים צים שלום מיט זשאן רול'ן?...

ארגאנד. דאס וואלט פאר מיר געווען העכסט שווער

און בעליידיגענד.. (אַ שווייגען) פֿון אלע קלעמענים פֿון דיזע שווע־
רע טעג וואָלט דאָס געווען די גרעסטע! מעגרע, דאָס האָט מי׳
געמאַכט אַ וואונד אין הארצען, וואָס וועט קיין מאָל זיך ניט אויס־
היילען... אזאַ גרוּזאַמער גהינום׳שער געדאַנק, אַז זיי האָבען אָנ־
געשטעלט, יע, אָנגעשטעלט אַ זון נעגען זיין טאַטען, אָהן זיין ווילען!.
דאָס איז פונקט אַזוי שרעקליך, ווי דערהרג׳ענען אַ פֿאָטער!

מ ע ג ר ע. איהר דאַרפֿט ניט מאַכען די זאַך גרעסער ווי
דאָס איז, הערר אַרגאַנד... זיי האָבען מסתמא געמיינט, אַז מיט
דעם, וואָס זיי וועלען איהם שטערען אַוועקפֿאָהרען... וועלען זיי האָ־
בען נעבען אייך אַ מענשען, וואָס וועט זיי ברייננען נוצען... [redacted]
פֿערטהיידיגען זייערע אינטערעסען און וואָס וועט אַפֿשר פועל׳ן ביי
אייך זיי עפּעס נאָכצוגעבען. דערביי איז נאָך דער הערר ראָבערט
אַ מענש מיט אַגרויסמוטהיגע נאַטור און האָט פֿיינד ארומיגע וועגען!..

אַ ר ג אַ נ ד. ער איז אבער אזאַ היצ־קאָפּף, אַז איך האָב
שטאַרק מורא פֿאַר איהם! זיין נשמה איז אַ פֿייערשפּייאיגער באַרג...
דאָרט שלאָגט ווי פֿון אַ קוואַל... דאָרטען קאָכט איין אונגעוואוינ־
ליכער געדאַנק, ווי אַ צושמאָלצענער מעטאַל.

מ ע ג ר ע. זייט ניט צוטראָגען... ביי אייער זון איז שטאַרק
ענטוויקעלט דער פֿערשטעהן פֿון זיינע פּפליכטען.

אַ ר ג אַ נ ד. יע. אָבער אין וואָס בעשטעהט, נאָך זיין קוק,
זיין חוב?... וועגען דעם ווייס איך ניט... (אַ שווייגען) אַזוי איז
דאָס, מיין טייערער מעגרע... איך בין צורודערט, ניט צופֿריעדען
מיט זיך... דער אומעט עסט אויף מיין האַרץ... איך פֿרעג זיך, צו
האָב איך טאַקע אלץ ערפֿיהלט, וואָס איך האָב געדאַרפֿט ערפֿי־
לען; צו איז עפּעס נאָך געבליבען ניט געטהאָן... פֿאַר די עלענ־
דע מענשען?

מ ע ג ר ע. איצט איז ניט די צייט, הערר אַרגאַנד, שטעלען
זיך אַזעלכע שאלות. איהר און מיר אלע נויטיגען זיך אין אייער
שטייפקייט, אין גיכע ענטשלאָסענהייט... איך זאָג אייך נאָך אמאָל...
איהר האָט זיך ניט אין וואָס צו בעשולדיגען... וואָס מען האָט
געקענט, האָט איהר געטהאָן!.. זאָגט אליין, צו איז נאָך דאָ אין
פֿראַנקרייך נאָך אַזאַ פֿירמע, וואו די אַרביים זאָל זיך אַזוי גוט בע־
צאָהלען און דער אַרבייטער זאָל אַזוי זיין געאַכטעט, ווי ביי אייך..
איצטער דאַרפֿט איהר זיין פֿערנומען נור מיט איין געדאַנק און
האָבען נור איין ציעל: דערשטיקען דעם שטרייק... נאָכהער וועט
איהר שוין קענען קלעהרען...

אַ ר ג אַ נ ד. (מאַכט מיט׳ן האַנד איבערן שטערען) אַזוי וועט
דאָס זיין!.. (לייגט צוזאַמען אין אַ פעקיל די איינציגע בלעטלאך
אויף׳ן טיש און גיט זיי איבער מעגרע׳ן). אָט איז די פּאָצט... איהר
ועט דאָ געפֿינען בריעף פֿון דייטשלאנד, וואָס מען לייגט מיר פֿאָר



מאַכען פֿאַר מיר די בעשטעלונגען און דער צייט פֿון שטרייק. די תנאים
זיינען אפֿילו שווערליך און ניט בעקוועם. מיר וועלען נאָך אָבער
אַ קוק טאָהן... דרינגט אריין גוט אין די זאַך... און זאָגט מיר
אייער מיינונג היינט אָוענד... (ארגאַנד הויבט זיך אויף. מעגרע
שטעלט זיך אויף אין וויל אַוועקגעהן). איהר האָט אָנגעוויזען ווי
אויסצוהאַלטען דעם חיל?

מ ע ג ר ע. אלץ איז אין אָרדנונג...

אָ ר ג אַ נ ד. עס איז ניטאָ פֿאַר וואָס זיך צו שרעקען עפּעס
אונערוואַרטעטעס?...

מ ע ג ר ע. (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּף) אַ! אַ! די זשאַנדאַרמען
היטען די ביידע פֿעקאַרניעס...

אַ ר ג אַ נ ד. (גיט די האַנד מעגרע׳ן) ענטשולדיגט מיר, טיי־
ערער מעגרע, די קליינע שוואַכקייט, וואָס איך האָב פֿריהער אַרויס־
געוויזען... איהר טראָגט דאָך אויף זיך מיט אַזאַ מוטה די גאַנצע
שנאה פֿון די משוגעים?.. (מעגרע מאַכט אַ צייכען אויף ניין) צום
ווידערזעהען.

מ ע ג ר ע. צום ווידערזעהען, הערר אַרגאַנד. (מעגרע נעהמט
אַוועק. אַרגאַנד ברייננט אַ געוויסע צייט אין אַסדר די פּאַפּיערען
אויף׳ן טיש. ער קלינגט נאָכהער, עס געהט אריין דער לאַקיי).
זאָגט אָן דעם העררן ראָבערט, אַז איך וואַרט אויף איהם דאָ. (דער
לאַקיי געהט אַוועק. ארגאַנד געהט זיך דורך פֿערקלעהרט הין
און צוריק איבערן צימער).

## צווייטע ערשיינונג.

### אַרגאַנד, ראָבערט.

זייענדיג מיט׳ן זון פֿערלירט אַרגאַנד אלץ מעהר די גדולה. ביסלעכווייז
ווערט די פֿערקלעהרטע און אומעטיגע מינע פֿון זיין געזיכט נערוועז און אויפֿ־
רייצענד. עס פֿיהלט זיך אָבער, אז ער שטאַרקט זיך איינצוהאַלטען.

אַ ר ג אַ נ ד. זעץ זיך... מיר וועלען זיך דורכריידען...

ר אָ ב ע ר ט. (זעצט זיך) איך הער אייך אויס, פֿאָטער.

אַ ר ג אַ נ ד. נאָך דיין אומקעהרען מיט פּאַראַד... מיט פּאַ־
ראַד, ניין אפשר? דאָס איז דער פּאַסענדסטער נאָמען.

ר אָ ב ע ר ט. אָ, פֿאָטער!

אַ ר ג אַ נ ד. וועלכען אַנדערען אויסדרוק קען איך צוקלייבען?..
מען האָט דיר געבראַכט אויף די הענד, ווי אַ פּאָהן... ווי דייער
פּאָהן.

ראָבערט. מיט וואָס פאַר אַ טאָן רעדט איהר פאָרט מיט מיר, פאָטער?.. און וואָס דאַרפט איהר ווייטער דערמאָהנען דאָס, וואָס האָט אונז ביידען געשאַפען אַזוי פיעל קלעמענים!

ארגאַנד. (וויל זיך איינהאַלטען) בקיצור, נאָך דעם וויאָב איז פאָרגעקומען... איז געווען בעשלאָסען (מיט איראָניע) אין איך האָב ניט געקענט מעהר פאָדערען פון דיינע איבערצייגונגען... ווייל די פאַמיליען־געפיהלען... די אַכטונג... (ראָבערט קוקט אָן דעם פאָטער מיט אומעט). בקיצור... בקיצור... עס איז געווען בעשלאָסען, אַז דו וועסט... ניט האַלטען קיינעם'ס צד... אין דעם, וואָס דאָ קומט פאָר!.. איך האָב געמיינט, אַז דער אָפמאַך... ביי די יעצטיגע לאַגע דאַרף ווערען ערפיהלט הייליג און אונגעשטערט..

ראָבערט. איך האָב איהם דען געבראָכען?

ארגאַנד ווי דען ווערט אָנגערופען דאָס, וואָס דו, מיין זון, האָסט זיך בשתיקה געזעהען מיט זשאַן רול'ן, דעם הויפט־אָנפיהרער פון דעם שטרייק?

ראָבערט. (אַביסל פערוואונדערט) געזעהען זיך?.. (שטייף) איך האָב זיך מיט איהם געזעהען.. סך־הכל איינמאָל... נעכטען... אמת!..

ארגאַנד. דו ביזט זיך מודה?.. אַהאַ!? דו ביזט זיך מודה?

ראָבערט. פאַר וואָס זאָל איך זיך ניט מודה זיין?.. איך בין זיך בעגאַנגען אַזוי, ווי איך האָב זיך בעדאַרפט בעגעהן... איהר מיינט אפשר, אז דער טריט איז געווען פיינדליך פאַר אייך?...

ארגאַנד. אַ פיינדליכער אָדער אַ פריעדליכער, אָבער דער טהאָט בעליידיגט מיר. איך האָב דען דיר געבעטען זיך אריינמישען? אויף וואָס פאַר אַגרונד האָסטו זיך גענומען אַזאַ מאָדנע בעפאָלמעכטיגונג?.. און ווי האָסטו דאָס ניט געפיהלט, אַז אַזאַ טריט אין אַזאַ מינוט, ווי ער זאָל ניט זיין, בעדייט מעהר ניט די אָבשוואַכונג פון מיין אויטאָריטעט.. עס קען גאָר זיין, אַז דו האָסט מיט דעם געגעבען אַ נייעם געוועהר מיינע שונאים?.. און אויב דו האָסט דאָס אַלץ יע פערשטאַנען, טאָ ווי אַזוי האָסטו דאָס געוואַגט?

ראָבערט. ווי האָב איך דאָס געקענט פערשוואַכען אייער אויטאָריטעט און געבען זיי אין די הענד איין איבעריגע געוועהר? איך האָב דאָך גערעדט נאָר פון מיין אייגענעם נאָמען.

ארגאַנד. פון דיין נאמען! מיט וואָס פאַר אַ רעכט?.. דו ביזט דאָ גאָר נישט... גאָר נישט... גאָר נישט..

ראָבערט. איך בין אַ מענש!

ארגאַנד (מיט אַ בעפעהלענדען טאָן) דו ביזט מיין זון!

ראָבערט. צו דען, אַז איך בין אייער זון, האָב איך ניט



דאָס רעכט צוליעב דעם דיינקען אויף מיין שטייגער... לעבען אויף מיין שטייגער... און לעבען ווי מיר געפעלט! איך ערפיל מיין חוב...

ארגאַנד. (אויפגערעגט) אָ, „אויף דיין שטייגער"... „ערפיהלען דיין חוב" ד. ה. געהן געגען מיר... מאַכען ברודערשאַפט מיט מיינע פיינד?.. ווי פערנאַרישט איך בין געווען, ווי בלינד איך בין געווען, וואָס איך האָב דיר געהייסען זיך אומקעהרען אהיים. „דיין בערוף".. די עקעלהאַפטע געשרייען: „עס לעבע ראָבערט ארגאנד", וואָס איך הער אַלע ווייַלע, וואָס הערען ניט אויף צו רייסען מיין נשמה און שטעכען אין הארצען, ווי מעסערס... די סטראַשונקעס... מאָרדען... שרפות... ראבעווען, אַלץ, וואָס עס קאָכט אויף'ן נשמה פון די ווילדע מענשען, וואָס האָבען זיך אַזוי ווי אָבגעריסען פון קייט, וואָס געהען מיט דיין נאָמען געגען מיר און וואָס זיינען איינשטימיג מיט דיר — אָט דאָס איז ער, דיין לעבען „אויף דיין שטייגער"... אָט דאָס איז דיין „בערוף" — האָב האָטש די מיטה אָנצ.רופען די קינד מיט איהר אמת'ן נאָמען — דו ווילסט כבוד!.. און כדי בעפריעדיגען דיין כבוד, שטעלט דיר קיין זאַך ניט אָפ, ניט דער טוידט פון דיין פאָטער... ניט די פעראומגליקליכונג פון די גאַנצע הויזגעזינד..

ראָבערט. איהר זייט צו נערוועז, פאָטער... און איהר רעדט אונגערעכט... מיר דאַרפען זיך ניט ריידען איינע די אנדערע אַזוינע ווערטער, וואָס מען זאָל שוין נאָך דעם ניט קענען פעררעכטען... ערלויבט מיר אַוועקגעהן...

ארגאנד. בלייב... בלייב! (ער געהט ארום צורודערט איבערען צימער, זעצט זיך נאָכהער צום שרייבטיש און וויל זיך איינהאלטען) אין וואָס איז בעשטאַנען דער טריט, וואָס דו האָסט נעכטען געטהאָן?.. איך דאַרף דאָס וויסען...

ראָבערט. (זעצט זיך אויך) איך דאַרף דאָס גאָר ניט בעהאַלטען פון אייך... איך האָב נעכטען געהערט פון זשענעוויעוען, אַז איהר האָט געבעטען צו שיקען חיל צו מאַכען אַ סוף צום שטרייק... און אז דער חיל וועט היינט קומען. איך האָב פערשטאַנען, אז עס קען טרעפען אַנ'אומגליק... איך האָב ניט געקענט פערטראָגען דעם געדאַנק, אַז צוליעב אַ טרויעריגען טעות, וואָס דערווייל קען מען נאָך דאָס אָפשאַפען, וועלען שטאַרבען הונדערטער מענשען... דאָס בלוט... בלוט אויף אינזער הויז אי'ן אויף אונז!.. (אַ שווייגען) איך האָב זיך דאַן בעשלאָסען צו געהן און דורכצוריידען מיט זשאַן רול'ן.

ארגאנד. פאר וואָס עפעס מיט איהם?.. און ניט מיט מיר? -אר וואס האסט דו מיט מיר ניט דורכגערעדט?..

ראבערט. אך... איהר האט מיר פערזאגט איך זאל ניט

ריידען מיט אייך... און דערצו האָב איך נאָך געוואוסט, אַז דאָס וואָלט געוועזן אויסנוצליך!..

אַרגאַנד. דו האָסט דאָס ניט געקענט וויסען...

ראָבערט. איך קען אייך גענוג, אַז איך זאָל פֿערשטיין, אַז איהר זייט געקומען צו דעם שרעקליכען בעשלוס ניט פּלוצלונג, נאָר נאָך אַ לאַנגען אינערליכען קאַמפּף מיט זיך... איך האָב ניט געהאַט קיין האָפֿנונג אויפֿצוטהאָן אַ פּעולה. (ענטפֿערנדיג אויף אַרגאַנד׳ס בעוועגונג). אַ, פֿאָטער, איך בעט אייך, צעפּעט זיך ניט צו צו מיינע ווערטער... שטעלט זיך מעהר ניט אָפּ אויף דעם זינן, וואָס איך גיעב זיי צו און אויף די וויכטיגע אורזאַכען, צוליעב וועלכע איך זאָג דאָס אַרויס... זשאַן רול איז אַזאַ היציגער, אַזאַ ניט קיין איינגעהאַלטענער... נאָר דער שכל האָט צו איהם פֿונדעסטוועגען אַ צומרעט... און איך בין זיכער, אַז זיין האַרץ איז פֿול רחמנות... איך האָב געפּרובט איהם געבען צו פֿערשטעהן, וואָס פֿאַר אַ פֿעראַנטוואָרטליכקייט ער נעמט אויף זיך, אַז אין זיינע הענד געפֿינט זיך דער לעבען פֿון עטליכע טויזענד מענשען... ער האָט זיך אַליין אויסגערופֿען צו קומען צו אייך פֿאָרלייגען נייע פֿאָדערונגען... איך האָב ניט געהאַט קיין רעכט צו געבען איהם וועלכע עס איז הבטחות. ער פֿון זיין זייט האָט מיר מעהר ניט צוגעזאָגט צו קומען צו אייך... דאָס גאָר...

אַרגאַנד. איך וועל איהם ניט צונעהמען. איך קען איהם גאָר ניט אַנערקענען... איך האָב איהם אַרויסגעטריבען פֿון פֿאַבריק...

ראָבערט. איהר האָט איהם אַרויסגעטריבען, אָבער פֿינף טויזענד אַרבייטער האָבען איהם אויסגעקליבען!..

אַרגאַנד. פֿינף טויזענד מיאַטעזשניקעס!.. איך דאַרף זיי ניט זיין געהאָרכזאַם, זאָלען זיי פֿריהער מיר פֿאָלגען...

ראָבערט. און אויב זשאַן רול וועט אייך פֿאָרליינען שלום?

אַרגאַנד. דורך ניט געשטויגענע און בעליידיגענדע הנחות? ניין... עס וואָלט געוועזן אַ אומזין צו קלעהרען וועגען דעם! (ער שטעלט זיך און הויבט אָן צו געהן הין און צוריק איבער׳ן צימער. אַ שווייגען). מיר האָבען זיך איצטער איינער די אַנדערע אָנגערעדט בעליידיגונגס-ווערטער אָהן נוצען פֿאַר וועמען עס איז, זיי וועלען דאָך קיין זאַך ניט אומבייטען... זיי שאַפֿען מעהר ניט ווי וועהטאָג... לאָמיר זיין פֿערשטענדיג. (ער שפּאַרט זיך אָן מיט׳ן פּלייצע צום אייזוען). איך האַלט זיך ניט פֿאַר קיין שלעכטען מענשען... איך האָב דיר אויך בעוויזען, אַז איך בין ניט קיין טיראַן... אַז, פֿערקעהרט, איך קען מיטפֿיהלען יענעמס פֿרייהייט... איך האָב דיר געלאָזען זיך ענטוויקלען נאָך דיינע נאַטירליכע נייגונגען, נאָך דיין וואונש און נאָך דיינע איבערצייגונגען... דו קענסט



מיר ניט אויפֿוואַרפֿען, אַז איך האָב ווען עס איז געשטערט דיינע שטרעבונגען...

ראָבערט. (בעלעבט) דערפֿאַר דאַנק איך אייך פֿון גאַנצען האַרצען... איך שווער אייך...

אַרגאַנד. און אין דער זעלבער צייט האָבען מיר דיינע שטרעבונגען אויסגעוויזען פֿאַר פֿאַנטאַזיעס... געפֿעהרליכע... און אַלענפֿאַלס זעהר ווייט פֿון מיינע מיינונגען!.. חוץ דעם האָבען דיינע שטרעבונגען צושטערט דעם געדאַנק, וואָס איך האָב פֿון אַלע מאָל געהאַלטען פֿאַרבאָרגען, אַז איך וועל ערציעהען פֿון דיר אַ חבר אין מיינע געשעפֿטען... און ווען איך וויל מעהר שוין ניט זיין... וועסטו בלייבען אַ טרייער היטער פֿון דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָ בעשאַפֿען... (צורודערט אין מיט אַ פֿערביטענע שטימע) איך האָב ניט פֿאָראויסגעזעהען די נויטיגע, שלימזלדיגע און טרויעריגע פֿאָלגען פֿון דעם... איין גאָט ווייס, אויף וויפֿיעל!.. (זיין שטימע האַקט זיך איבער... ראָבערט, אויך אומעטיג און צורודערט, פֿערדעקט מיט זיי הענד די געזיכט). דו הערסט מיר אויס?..

ראָבערט. אַ.. פֿאָטער... פֿאָטער מיינער... איהר רייסט מיר מיין האַרץ!..

אַרגאַנד. (רעדט ווייטער פֿערביטערט). בקיצור איך האָב ניט פֿאָראויס-געזעהען דאָס, וואָס האָט זיך געטראָפֿען... איך האָב ניט גערעכענט אַז מיין פֿריידענקען פֿון אַ פֿאָטער וועט... ווען עס איז ברייננען צו אַזאַ שרעקליכען סוף... אַז מיר וועלען ריידען איינער מיט דעם אַנדערען... מיר וועלען קוקען איינע אויפֿ׳ן אַנדערען... ניט ווי אַ פֿאָטער אויף אַ זוהן... נאָר ווי צוויי שונאים!..

ראָבערט. (שטעלט זיך גיך) רעדט דאָס ניט, איך בעט אייך (טהוט זיך אַ ריס). איך האָב אייך האָלט... איך האָב אייך האָלט.

אַרגאַנד. יע, ווען מיר וואָלטען זיך איינער דעם אַנדערן כאָטש נים האָלט געהאַט, מיין קינד, וואָלטען מיר ניט געוועזן אַזוי אומגליקליך!..

ראָבערט. פֿאָטער!.. מיין פֿאָטער! (מאַכט אַ טריט צוצוגעהן צום פֿאָטער; ער פֿאַלט אָהן כחות אויפֿ׳ן פֿאָטעל. אַ שווייגען).

אַרגאַנד. הער מיר אויס... איך האָב אין לעבען ניט געהאַט קיין אַנדער הנאה... חוץ די תאוה צו אַרבייט... ניט צוליעב געלד, ניט צוליעב רייכטהום אָדער לוקסוס... נור צוליעב די טיעפֿע און ערהאַבענע פֿרייד, וועלכען עס פֿערשאַפֿט דער האָרעווען... און אין די לעצטע עטליכע יאָהר אויך אַגב, כדי זיך צו פֿערגעסען אָן די צרות!.. איך קען זאָגען מיט צופֿרידענהייט אַז מיין נעזעלשאַפֿטליכע ראָליע... מיין ראָליע האָט געבראַכט נוצען אַנדערע... מעהר נוצען ווי די פֿערדונקעלטע טעאָריען... אומזיסטע הבטחות...

אין אונמעגליכע חלומות... אויב מיט מיין גאַנצע אַרבייט, מיט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב בעקומען פֿון דעם רויהען מאַטעריאַל, האָב איך ניט רייך געמאַכט די אָרימע לייט, האָב איך דאָך אין אַ בעדייטענדען גראַד פֿערבעסערט זייער צושטאַנד... און איך האָב ווייכער געמאַכט די שווערע תנאים פֿון זייער לעבען... געבענדיג זיי די מעגליכקייט וואָלוועל צו קריגען די נויטיגע זאַכען, וואָס זיי האָבען ניט געהאַט ביז מיר און וואָס איך האָב געשאַפֿען פֿאַר זיי... פֿאַר זיי... איך בין געווען קאַרג אויף רייד, אָבער מיין פּראַצע האָט געמאַכט אַ פּעולה... איך האָב געטהאָן... עס איז אַפֿנים ניט אמת?...

ראָבערט. איך האָב קיין מאָל ניט געלייקענט ניט פֿון אייער גוטען מיין... ניט פֿון אייער אָנגעשטריינגטע מאַטערנים...

אַרגאַנד. וואָס אָנבעלאַנגט די בעציעהונגען, וואָס האָבען זיך איינגעשטעלט — מיט וואָס נאָך פֿאַר אַ קאַמפּף! — צווישען מיר און מיינע אַרבייטער, האָב איך געפּרובט זיי געבען וואָס מעהר פֿרייהייט... איך בין פֿערגאַנגען אויף דעם וועג אַזוי ווייט, וויפֿיעל איך האָב נאָר געקענט... איך בין פֿערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מיינע פֿריינד וואַרפֿען מיר אויף אין שוואַכקייט און אין אָפּטרעטען פֿון מיין קלאַסס... קינדער זעה איך צו לערנען און ערציעהען... ביי די אַרבייטער אַליין ענטוויקלען די זיטליכקייט ביז דעם פֿאַללען בעוואוסטזיין פֿון זייער פּערזענליכקייט... אַלטע לייט זעה איך צו פֿערזיכערען פֿון נויט, זיי קענען ביי מיר געבאָרען ווערען, לעבען און שטאַרבען.

ראָבערט. (שלאָגט איהם איבער) עלענדע! (אַ שווייגען). יע, דאָס אַלץ האָט איהר טאַקע געטהאָן! און דאָך האָט אַלע מאָל.. אַלע מאָל האָט געהערשט אַרום אייך נור נויט!.

אַרגאַנד. (מיט אַ העכערע שטימע) דאָס איז ניט צוליעב מיין שולד!

ראָבערט. הייסט דאָס פֿון זייער שולד?

אַרגאַנד. צו דען קען איך צושטערען דעם אייבינען לע-בענס-געזעץ, וואָס פֿאָדערט, אַז אַלץ זאָל ווערען בעשאַפֿען מיט ליידען און אַלץ זאָל געבויט ווערען אויף ליידען?

ראָבערט. אַ פֿערענטפֿערונג אויף אַלע געוואַלדטהאַטען, אַ פֿערענטפֿערונג אויף אַלע טיראַנעשאַפֿט.. „דער געזעץ פֿון לעבען איז ליידען". אַ שרעקליכער וואָרט, פֿאָטער!

אַרגאַנד. דער וואָרט האָט געהערשט איבער דער גאַנצער געשיכטע.

ראָבערט. מאַטערנים... בלוטבעדער... פֿייערשייטער— דאָס איז די געשיכטע!.. די געשיכטע איז אַ תוהל, אין וועלכען



עס איז בעגראָבען אַש... ריהרט זיך ניט צו צו די פֿוילענים.. קעהרט זיך ניט אום מיט אַזאַ עקשנות צו דעם עבר פֿון פֿינסטערנים און בלוט! די ליכט דאַרף מען זוכען אין צוקונפֿט! ווייטער הרג'ענען! אייביג הרג'ענען! צו דען איז נאָך די מענשהייט ניט פֿערזאַטעט פֿון די שטענדיגע קרבנות!.. און צו איז נאָך דען ניט געקומען פֿאַר די מענשען די שעה פֿון רחמים!..

אַרגאַנד. רחמים!.. (וואַרפֿט זיך אַרום ווי אין היץ איבער'ן צימער). רחמנות ערנידעריגט... מאַכט אויס מענש... זי דערשטיקט די ענערגיע און פֿערהאַלט דעם פּראָגרעסס. זי ברייננט קיין נוצען ניט... דער, וואָס בעשאַפֿט עפּעס, אַלץ איינס, וואָס דאָס זאָל ניט זיין... דער געלעהרטער, וואָס קעמפֿט מיט דער נאַטור, וועלענדיג אַרויסרייסען ביי איהר איהרע סודות... דער געשעפֿטסמענש, וואָס הערשט איבער די פֿערגרעבטע רויהע שטאָף, כדי צו אונטערטעניגען איהרע כחות, נויטען זיי צו דיענען די בעדערפֿניסען פֿון מענשען... און אויסניצען זיי צו זיין טובה און וואוילטאָג... די אַלע אַרבייטער-שעפֿער האָבען ניט קיין רעכט זיך אָפּצושטעלען פֿאַר רחמנות... זייער טהעטיגקייט פֿערשפּרייט זיך ווייטער פֿון די צייט, אין וועלכע זיי לעבען... זי טרעט איבער דעם מהלך, וועלכען זייער אויג קען אַרומכאַפּען... פֿון דעם איינצעלנען מענשען פֿערברייטערט זי זיך און שפּרייט זיך פֿונאַנדער אויפֿ'ן גאַנצען פֿאָלק, אויף די גאַנצע וועלט... און אויב זי דערשטיקט אויף איהר וועג עטליכע שוואַכע בעשעפֿניסען, דערמאָהנט זיך אָבער, אַז אַפֿילע ברייננט זי שיינהייט אין בעפֿרייאונג. איך האָב געקענט... איך האָב געדאַרפֿט זיין טאַקע אַזאַ מענש... ווען איך וואָלט געוועזען פֿרעמד פֿון מיטלייד, וואָלט איך אפֿשר נאָך אויסגעפֿיהרט נאָך אַ גרעסערען געדאַנק.

ראָבערט. איהר בערעדט זיך אַליין, פֿאָטער!..

אַרגאַנד. ניין... איך בעדויער מעהר ניט זיך אַליין! (אַשווייגען) און אָט איז ער איצטער פֿאַר מיר, דער פּועל-יוצא פֿון דעם נאַרישען מיטלייד... וועלכען איך האָב ניט געוואוסט ווי, וועלכען איך האָב ניט געקענט.. איינהאַלטען אין זיך... די צופֿאַלונג פֿון אַלע מיינע האָפֿנונגען... און חורבות אַרום מיר! (שאַרף) נאָר אַ סוף איצטער צו דעם! זיי ווילען האָבען אַ בעל-הבית און זיי וועלען דאָס געפֿינען אין מיר!..

ראָבערט. היט זיך, די בעשעפֿעניסען, וועלכע איהר שטיקט—מיט וועלכע משונה-דיגע גאוה האַלט איהר זיי פֿאַר נישטיגע?.. נאָך וועלכען יושר וואָס שטעלט זיך העכער פֿאַר טויט און לעבען... פֿערמשפּט איהר זיי צום טויט?.. איהר דאַרפֿט געבען אַ חשבון דער מענשהייט נור פֿאַר די נפשות, וועלכע

איהר האָט גענומען אונטער אייער שוץ... און ניט פֿאַר אַלע איבעריגע... צו דען האָט איהר קיין מאָל ניט אַ קלעהר געטהאָן אָהן אַ שוידער, אַז איהר קענט ווערען דער גזלן פֿון דעם גרויסען צוקונפֿט... וועלכער ווײנט ערגעץ וואו... עס קען זיין... אָט דאָ טאַקע ביי אייך?..

אַרגאַנד. (קוועטשט מיט די פלייצעס און געהט אַרום שטאַרק צורודערט איבער'ן צימער. אַ שווייגען) וואָס זשע... זיי הויבען אָן!

ראָבערט. ווי וואַגט איהר צו פֿאָדערן פֿון שוואַכע פֿינסטערע מענשען... פֿון זייערע עלענדע קינדערשע מוחות, וואָס קענען קוים מורמלען, אַז זיי זאָלען זיך אָנטהאָן דעם געט־ליכען כח, וועלכען איהר, פֿאָטער, קענט ניט דערגרייכען ניט מיט אייער פֿערשטאַנד, ניט מיט אייער האַרצען!..

אַרגאַנד. דו רעגסט דיך אויף מיט בלויזע ווערטער!.. דו ווערסט שכור פֿון דעם אַרומיגען לופֿט... גענוג שוין קלינגענ־דיגע פֿראַזען... מען דאַרף עפּעס טהאָן... אָט וואָס... ווען מען רעדט אַזוי הויך, מיט אַזאַ זיכערהייט, איז דאָ אָהן אַ ספק אַ פֿאַר־טיגע פראָגראַם, וואָס איז קלאָהר און פינקטליך אויסגעדריקט... האָסטו אַזאַ פראָגראַם?.. דערצייל מיר איהר און איך וועל אָנ־הויבען איהר מקים צו זיין...

ראָבערט. צו וואָס זאָל איך אייך איהר דערציילען, אַז מיין גאַנצע פראָגראַם בעשטעהט אין איין וואָרט, וועלכען איהר לייקענט אָפּ?..

אַרגאַנד. (מיט כעס) אין איין וואָרט... אין איין וואָרט... אַ קללה!

ראָבערט. און אַזוי ווי איהר האָט שוין פאָרויס בע־שלאָסען איינצוזעהן מעהר ניט הוילע ווערטער אין אַלע מיינע רייד... נור אַפּוסטען ווינד...

אַרגאַנד. פֿערפֿלוכט זאָל דאָס ווערען!.. איך האָב שוין פֿער־שטאַנען... דו רעדסט קיין זאַך ניט... און אַלע זיינען זיי אַזעלכע... (האַלט זיך מעהר ניט אַיין) נאָר אויב דו האָסט מעהר קיין זאַך ניט פֿאַר־צולייגען די אָרימע מענשען, אַחוץ ווערטער, אויב דו טראָגסט זיי אונטער ווערטער, ווי אַ בעכער מיט שטאַרקען געטראַנק און פֿיהרסט זיי צום טויט... ווייסטו וואָס דאָס איז?.. אַזוינע זיינען משוגעים אָדער מערדער... קלייב אויס..

ראָבערט. (מיט אָנגרייפֿונג). איהר זייט גערעכט... אונזערע מיינונגען געהען זיך פֿענאַנדער... דאָס איז אַ גרויסער אומגליק... איך וויל אַוועקגעהן...



אַרגאַנד. (נאָך אַ קורצען שווייגען מיט דעם פֿריהערדיגען טאָן) פֿון מיינטוועגען, קענסט זיך געהן! (עס געהט אַריין אַ לאַקיי).

## דריטע ערשיינונג.

### די זעלבע און דער לאַקיי.

אַרגאַנד. וואָס נאָך?

לאַקיי. אייסגעקליבענע פֿון די שטרייקער זיינען ביי די טויערען פֿון פּאַלאַץ... זיי ווילען זעהן דעם הערן.

אַרגאַנד. אָ!.. אָ!.. וויפֿיעל זשע זיינען זיי דאָ? (דער לאַקיי גיט איבער אַרגאַנדען אַ צעטעלע אויף אַ זילבערנעם טאַץ) לואי טיער... זשאַן רול, אַנסעל קאַטיאַר, פיער אַנסאָם א. ז. וו. זעקס (צירייסט דעם פאַפּיער) גוט!.. (אַרגאַנד און ראָבערט קוקען זיך איבער.—דעם לאַקיי) זאָל מען זיי עפֿענען דעם טויער... זאָלען זיי אַריינקומען... (דער לאַקיי וויל אַוועקגעהן) דער הערר מענגרע איז ביי זיך?

לאַקיי. דער הערר מענגרע איז ביי זיך.

אַרגאַנד. זאָגט באַפּטיסטען, אַז ער זאָל צוגעהן רופֿען דעם הערן מענגרע און זאָל איהם בעטען אויפֿוואַרטען אויף מיר אין ביליאַרד־צימער.

דער לאַקיי איך הער! (געהט אַוועק. ראָבערט געהט אויך צום טיר).

## פיערטע ערשיינונג.

### אַרגאַנד, ראָבערט.

אַרגאַנד. דו... פֿערבלייבסט דאָ (ראָבערט ניט זיך אַריהר) איך האָב איינגעשטימט זיי אָנצוגעהמען... אָבער איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין דערביי (דערזעהענדיג ראָבערט'ס בעוועגונג, שאַרף) איך וויל אַזוי... דוכט זיך איך פֿאָדער ניט פֿיעל.

ראָבערט. אָבער צוליעב וואָס, פֿאָטער?

אַרגאַנד. ווייל איך וויל דאָס! (ראָבערט מאַכט, אַז ער גיעט זיך אונטער. אַרגאַנד געהט אַרום צוטראָגען איבער'ן צימער, נאַכהער זעטצט ער זיך צום שרייבטיש, וואו ער קלייבט איבער די פּאַפּיערען. אַלאַנגער שווייגען. עס גייהען אַריין די אויסגעקליבענע).

## פינפטע ערשיינונג.

### אַרגאַנד, ראָבערט, זשאַן רול, לואי טיעי

### און נאָך פיער אויסגעקליבענע.

די ארבייטער גייהען אריין פאַמעלאַך, האַלטענדיג די היטלען אין ד' הענד: דער ערשטער געהט זשאַן רול, פערהאַפּערט, אָבער רוהיג; נאָך איהם

לואי טיער איינגעהויקערט, גראָה, אביסיל ווי פֿערשעהמט, די אויסגעקליבענע שטעלען זיך אין שורה פֿאַר אַרגאַנד'ס שרייב-טיש: זיי זיינען אַזוי ווי איספּוזעטט געוואָרען, דערזעהענדיג די שטרענגע לוקס פֿון קאַבינעט. לואי טיער שטעלט אוים די אויגען אויפֿ'ן דיוואַן, די איבעריגע דרייהען די היט אין די הענד, אויסער זשאַן רול'ן, וועלכער האַלט זיך גלייך, פֿריי, שטאָלץ, אָבער ניט איבּערייצענד. אַרגאַנד זיצט אונבעוועגליך, אָנשפּאַרענדיג זיך אָהן דעם פּאַרענץ פֿון דעם פֿאָטעל און אָוועקלייגענדיג די באָרדע אויפֿ'ן האַנד. עס איז קענטיג אַז ער וויל צוגעבען זיין געזיכט אַיין אַייזקאַלטע מינע, ראָבערט וואָס האָט זיך איבערגעקוקט מיט זשאַן רול'ן ביין אַרייגגעהן פֿון די אויסגעקליבענע, האָט זיך דערווייטערט אין אַווינקעל. עס הערשט אַיין אונ'אָנגענעהמער שווייגען.

אַרגאַנד. (אָפּגעריסען) נו, וואָס, איך הער אייך!..

זשאַן רול. (אביסיל מיט פּאַראַד). מיר זיינען געקוממען צו בערוהיגען אונזער געוויסען.. (אשווייגען) אויב איהר וועט ענט־זאגען די פֿאָרשלאָגען, וואָס איך בין געקומען אַייך איבערגעבען דעם לעצטען מאָל אין נאָמען פֿון פֿינף טויזענד אַרבייטער... איז איבעריג צו זאָגען, אַז מיר זיינען גרייט צים קאַמפּף. אונז שרעקט ניט אָפּ ניט די חיל, וואָס איהר רופֿט, ניט דער הונגער, מיט וועלכען איהר מאָרעט אונז. אונזערע פֿאָדערונגען זיינען פֿערשטענ־דיג און גערעכט... איהר דאַרפֿט בעשליסען, צו איהר ווילט בעסער מלחמה (אַ שווייגען). איך בעט אַייך חוץ דעם האָבען אין זין, אַז אויב מיר האָבען איצטער אַרויסגענומען פֿון אונזער פּראָגראַם אייניגע פֿאָדערונגען, איז דאָס ניט דערפֿאַר, ווייל מיר ענטזאַגען זיך פֿון זיי — מיר לייגען זיי נאָר אָפּ אויף אַנ'אַנדער מאָל (מיט גרויס־קייט) דאָס איז אונזער גוטער ווילען!. (אַ־שווייגען אַרגאַנד איז ווי פֿערשטיינערט, איין אבר גיט זיך ניט אַטרייסל אויף זיין געזיכט, זשאַן נעמט אַרוים פֿון קעשענע פֿון זיין בלוזע אַפּאַפּיער, אין וועלכען ער קוקט ווײַלענווייז אַיין) ערשטענס, האַלטען מיר זיך ביי אונזער הויפּטפֿאָדערונג פֿון אַ 8 שעה־דיגען אַרבייטס־טאָג, ניט אַראָפּרע־כינענדיג קיין שבירות. פֿאַר וואָס דאָס איז, האָב איך אַייך שוין ערקלערט און נאָכאַמאָל וועל איך דאָס ניט טהאָן. (אַרגאַנד שווייגט) בפרט נאָך, אַז איהר, ווי איך זעה, ווילט היינט ניט ריידען. צווייטענס, מאַכען געזינדער די פֿאַבריק. אויב איהר, ווי מען שרייבט אין אַלע צייטונגען, זייט אַזא גוטהערציגער בעל-הבית, קענט איהר דאָך ניט פֿאָדערן פֿון מענשען, אַז זיי זאָלען ארבייטען אין געביידעם מיט אַשעדליכע, פֿערסמ'טע לופֿט... אין דעם פֿאַל, אויב איהר וועט בעצם אָננעמען די פֿאָדערונג, וועלכען מיר גיעבען צו זעהר אַגרויסע וויכטיגקייט, וועלען מיר זיך נאָך דאַרפֿען צוזאַמענ־ריידען, און וואָס דאַרף בעשטעהן די ארבייט וועגען געזינדער מאכען די וואַרשטאַטען, און אויך וועגען אונזער רעכט נאָכצוקוקען ווי די אַרבייט ווערט ערפֿיהלט (ארגאַנד ריהרט זיך ניט די גאַנצע צייט און שווייגט; זשאַן רול קוקט אויף איהם אייניגע ווײַלען, ניט אַראָפּלאָזענדיג די אויגען, נאכהער טהוט



ער אַנ'אונבעשטימטען מאַך מיט'ן האַנד). לאָמיר דערפֿיהרען ביזין סוף, ווייל מיר זיינען געקומען אַהער צו בערוהיגען אינזער גע־וויסען... (אשווייגען). צווייטענס, פֿערבייטען מיט אַ מעכאַנישען מיטעל אַלע ארבייט ביין שמעלצען. שמעלצען איז ניט קיין ארבייט, נאָר אַ יסורים! די ארבייט ווערט שוין געמאכט מעכאַניש אויף אַפֿולע פֿאַבריקען, ניט אַזוינע רייכע, ווי אַייערע... דאָס איז אַנ'אמת'ע רציחה לאָזען מענשען שטעהן דריי שעה נאַקעט אונטער וואַסער-שפּריצערס, פֿערברענט פֿון דורסט, מיט אַ הויט, פֿון וועלכע עס געהט אַפּאַרע און מישען די מעטאַלישע שמעלצונג, צופֿאַלענדיג מיט'ן געזיכט צום לאָך פֿון דעם אָנגעברענטען אויוועז, אייך איז דאָך גוט בעוואוסט, אַז יענער אומגליקליכער, וועלכען איהר פֿערבישפּט צו דעם שרעקליכען יסורים, וועט אין 10 יאָהר אַיום... זיין טויט! (אַרגאַנד בלייבט רוהיג, זשאַן רול גיט אַמאַך מיט'ן האַנד. אַשווייגען) פֿערטענס, אַשטרענגגען אויפֿזעהען איבער די ווײַן אין דעם ספּירט. (אַשווייגען) כאָטש איהר האָט אַריינגע־נומען דעם גאַנצען היגען האַנדעל... אינטער דעם פֿערפֿירענדען אויסזעהן פֿון שותפֿות'ע געזעלשאַפֿטען, זייט איהר אונזער קצב, אונזער בעקער... אינזער בשמים־קרעמער... אונזער ווײַן־קרעמער א. ז. וו. א. ז. וו. אָבער דאָך וואָלט איהר אפשר געדאַרפֿט נעהמען פֿון אונז ווייניגער פֿערדיענסט, וועלכען איהר בעקומט מיט שאָדען פֿיר אונזער געזונד. אַלץ, מיט וואָס מיר אַטהעמען דאָ, איז פֿאַר אונז אַ טויט! וואָס מיר טרינקען איז אַ סם! מיר ווילען אי אַטהעמען, אי טרינקען לעבען! (אַשווייגען פֿון אַרגאַנד'ס זייט) פֿינפֿטעס, און דאָס דרינגט נאַטירליך, נייטיג און מאָראַליש פֿון דעם 8 שעה־גען אַרבייטס־טאָג... מיר ווילען אַז מען זאָל גרינדען אַ ביבליאָטהעק פֿאַר די אַרבייטער מיט ביכער פֿילאָזאָפֿישע, היסטאָרישע, וויסענשאַפֿטליכע און ליטעראַרישע, מיט ביכער וועגען קונסט, וואָס איך וויל אייך געבען פֿון זיי אַצעטיל... ווייל ווי אָרים דער מענש איז ניט, לעבט ער ניט על הלחם לבדו! (אַשווייגען) ער האָט דאָס רעכט אויף שיינהייט, ווי די רייכע!.. (אַ קאַלטער שווייגען) צום סוף... צוריק צו צונעהמען אויפ'ן פֿאַבריק אַלע ארבייטער, וועלכע איהר האָט ענטזאַגט פֿון דער צייט פֿון שטרייק און אַרויסגעבען זיי די נעהאַלט פֿאַר די צושלאָגענע טעג. דאָס אַלץ פֿאָדער איך ניט פֿאַר זיך... ווען אונזער קאָנ־טראַקט מיט אַייך וועט זיין אונטערגעשריעבען, וועל איך אוועק־פֿאָהרען פֿון דאַנען. (ער לייגט אוועק דעם פּאַפּיער אויפ'ן שרייב־טיש)

אַרגאַנד. (נאָך אַקורצען שווייגען, זיך ניט ריהרענדיג פֿון אָרט, מיט אַ שאַרפֿע שטימע) דאָס איז אַלץ?.

זשאַן רול. אַלץ...

אַרגאַנד. (ווענדט זיך צו לואי טיער'ן) און וואָס רעכענסט דו וועגען דאָס אַלץ, טיער?.. איצטער דאַרפסטו ביבליאָטהעקען?.. נו, גיעב אַקוק אויף מיר!

טיער. (לאָזט ניט אַראָפּ די אויגען פון דיוואַן) הערר אַרגאַנד... הערר אַרגאַנד...

אַרגאַנד. גיב אַקוק אויף מיר, זאָג איך דיר...

זשאַן רול. בעליידיגט ניט דעם אָרימען מענשען! גיעט בעסער איהר אַליין אַקוק וואָס האָבען געמאַכט פון איהם 27 יאָהר לעבען ביי אייך... אַרבייטען ביי אייך!..

אַרגאַנד. אַך, מיין עלענדער טיער! אַז דו וואָלסט ניט געווען אונטער דעם ווירקונג פון דעם מענשען... ווען דו וואָלסט געקענט פריי אַרויסזאָגען וואָס ביי דיר אויף'ן האַרצען איז... איך קען דיר, דו וואָלסט זיך געוואָרפען צו מיינע פים און וואָלסט געבעטען ביי מיר מחילה!

לואי טיער. (וויל צו געהן צו אַרגאַנד'ן) הערר אַרגאַנד... הערר אַרגאַנד...

זשאַן רול. (ענערגיש) טאָ פרעג זשע ביי איהם, וואָס האָט ער געמאַכט פון דיין ווייב, פון דיינע צוויי זין!

לואי טיער (מיט גרויס אָנשטריינגונג) הערר אַרגאַנד... דאָס איז אמת... אַזוי קען מען ניט לעבען, מען קען ניט! דאָס איז אונגערעכט!..

אַרגאַנד. דו חזרסט איבער מעהר ניט, וואָס מען האָט דיר איינגעדרומעלט, נאַרישער מענש. דו האָסט אפילו ניט גוט אויסגעלערנט... דו ווייסט דאָס שלעכט...

זשאַן רול. (געהט צו צום שרייבטיש). מען דאַרף מאַכען אַסוף... אייער ענטפער?

אַרגאַנד. (גראָב אָבער נאָך איינגעהאַלטען). נו, אָט איז מיין ענטפער... איהר האָט, פערשטייט זיך, גאָר ניט גערעכענט, אַז איך וויל בעקלעהרען די אַלע אייערע נאַרישקייטען... ביי מיר אין די הענד איז אַ גאַנצער משפט וועגען אייך... צום בעדויערן, האָב איך איהם שפעט בעקומען... פון דעסטוועגען איז דאָס איצטער ביי מיר! אייך רופט מען זשאַן רול?

זשאַן רול. צו מען רופט מיר אַזוי אָדער אַנדערש, וואָס האָט דאָס צו אייך?

אַרגאַנד. איך וועל אייך ערקלעהרען, וואָס האָט דאָס צו מיר. איהר האָט זיך אַריינגעמאַכט צו מיר אין פאַבריק מיט אַפאַלשען אויסרעכנונג-ביכל.

זשאַן רול. איהר וואָלט מיר אַפנים גענומען אָהן אַ ביכל?.. וואָס ווייטער?..



אַרגאַנד. (ער בעלעבט זיך אַלץ מעהר) איהר האָט געהאַט אויף זיך אין פראַנקרייך, ניט ריידענדיג שוין וועגען אויסלאַנד... צוויי משפטים: איינעם פאַר גנבה... און איינעם פאַר געוואַלט בשעת אַ שטרייק... איהר זייט אַנטלאָפען פון דאָרטען, וואו מען האָט אייך פערשיקט...

זשאַן רול. און וואָס נאָך?..

אַרגאַנד. איהר זייט פערמישט אין די דיעלאָ פון די אַנאַרכיסטען. איהר זייט אַגנב... אַרוצח!

זשאַן רול. ווייטער?..

אַרגאַנד. ווייטער איז דאָס! (שטעלט זיך מיט צאָרן) וואָס, אויב איך וועל אייך איבערגעבען אין די הענד פון געריכט.

זשאַן רול. (מיט גראָיסקייט און שטראַשענדיג) ניט איבער.

ראָבערט. (מישט זיך אַריין) ווער דער מענש זאָל ניט זיין, פאָטער... ער איז דאָ אונטער דעם שוץ פון אייער עהרע... און מיינע...

אַרגאַנד. (צו ראָבערט'ן, אייפגעבראַכט) דו... (ער ענדיגט ניט די פראַזע... אויסער זיך צו די אויסגעקליבענע) וואָס טהוט איהר דאָ? וואָן!.. איך טרייב אייך אַרויס, געהט אַוועק.

זשאַן רול. דאָס האָט מען געדאַרפט ערוואַרטען פון אייך...

אַרגאַנד. יע.. יע.. איך טרייב אייך אַרויס... געהט אַוועק... וואָן... וואָן... (די אויסגעקליבענע גייהען צום טיר זשאַן רול לאָזט זיי דורך).

זשאַן רול. (קעהרט זיך אום צו אַרגאַנד'ן) בכן, האָט איהר אויסגעקליעבען בעסער מלחמה... אַמלחמה אָהן רחמנות, וואו קיינעם שאַנעוועט מען ניט! דערמאָהנט זיך אַז אונזער'ע זיינען פינף טויזענד!.. און אויב מיר וועלען מיט בלויזע הערצער געהן געגען די ביקסען און די האַרמאַטען פון אייערע סאָלדאַטען, וועלען מיר כאָטש קענען שטאַרבען, אַלע ביזן לעצטען, דאָס זאָג איך אייך... (געהט אַוועק).

## זעקסטע ערשיינונג.

אַרגאַנד. (שטעלט טריט אויפגעבראַכט איבער'ן צימער און רעדט אַרויס פלוצלונג) און דיר טרייב איך אייך אַרויס!.. איך שאַל דיר קיינמאָל מעהר דאָ ניט זעהן!.. אַרויס... וואָן... וואָן!..

ראָבערט. אַך, פאָטער!.. איהר האָט דאָס אַליין געוואָלט!.. (ער געהט אַוועק).

## זיעבעטע ערשיינונג.

### אַרגאַנד, נאַכהער דער לאַקיי.

ארגאנד געהט לאנג ארום איבער'ן צימער. נאך זיין פערלארענהייט, נאך ויינע תנועות איז קענטיג, אז אין איהם קומט פאר אישטארקער קאמפף צווישען בעם אין מרערען. ער קלינגט. עס קומט אריין דער לאקיי.

אַרגאַנד. גלייך רופט אריין דעם הערר מעגרע!..

לאַקיי. גלייך, הערר! (ער געהט גיך אַוועק. אַרגאַנד הויבט ווייטער אָן צו געהן איבערן צימער, עס איז קענטיג איף איהם גרויס פערצווייפלונג; צום סוף, בעזיעגט פון די שווערקייט, פאַלט ער אין פאַטעל פערשטעלט מיט די הענד די געזיכט און ויינט אויף'ן קול. עס געהט אריין מעגרע).

## אכטע ערשיינונג.

### אַרגאַנד, מעגרע.

מעגרע. (דערזעהענדיג אַרגאַנדין אין אַזאַ לאַגע, שטעלט זיך אַוועק פערשטוינט אויף'ן שוועל אין נאַכהער טהוט ער זיך אַ וואָרף צו איהם). הערר אַרגאַנד! וואָס האָט מיט אייך געטראָפען? איהר וויינט.. איהר.. דאָס איז ניט צו גלויבען... הערר אַרגאַנד... (אַרגאַנד ענטפערט גאָר ניט, וויינט ווייטער) איך בעט אייך, זאָגט וואָס איז דאָס?..

אַרגאַנד. איך בין אַליין שולדיג... אַליין שולדיג!..

מעגרע. אין וואָס זייט איהר שולדיג?..

אַרגאַנד. איך האָב פערלאָרען דעם שכל... יע, עס איז אָנגעקומען פונקט ווי אַ משוגעת... איך האָב זיי אלעמען אַרויס־געטריבען, אַלעמען...

מעגרע. וואָס איז... וואָס איז?

אַרגאַנד. איך... איך ווייס ניט! איך ווייס גאָר ניט... צו וואָס האָב איך דאָס געטהאָן?.. מעגרע? (ער נעהמט איהם פאַר'ן האַנד).

מעגרע. הערר אַרגאַנד!..

אַרגאַנד. איך האָב מעהר קיין כוחות ניט, איך האָב קיין מוטה ניט... איך פיהל דאָ אַ קלאַפּ... (ער נעהמט מעגרע'ס האַנד און לייגט איהר מיט זיין האַנד צוזאַמען אויף'ן האַרצען) זיי האָבען צוגענומען ביי מיר מיין זון, איהר פערשטעהט?.. איך בין אין דעם אַליין שולדיג... איך האָב ניט געקענט איהם צונעמען



מיט רייד... איך האָב איהם צופיעל אויסגעפרובט!.. און האָבען זיי ביי מיר אָפּגענומען מיין זון... זאָלען זיי אויך נעהמען די פאַב־ריק, זאָלען זיי צלץ, אַלץ נעהמען... איך גיב זיי אַלץ אַוועק...

מעגרע. צו דען רעדט איהר דאָס? איהר קענט אַזוי נים ריידען!..

אַרגאַנד. יע, יע, מעגרע, דאָס בין איך, אָך, דאָס בין איך!.

מעגרע. ניין, עס קען ניט זיין!

אַרגאַנד. און נאָך (מיט מאַטערנים), איך האָב געמיינט, אַז איך בין אַנ'אָרענטליכער מענשען; אַז איך האָב געטאָהן די אָרו־מיגע גוטס... אַז איך האָב אַלע מאָל גילעבט מיט אַנ'אונאויפהער־ליכע, נצליכע אין ניט מיין פערפלעקטע פראַצע. דאָס איז מיין עשירות, מיט וועלכע איך בין געוועזען שטאָלץ... אַ נאַרישע גאוה, ווייל דאָס האָט דערוועקט מיין לוסט צו אַרבייט און ווייל מיר האָט געדוכט, אַז איך פערשפּרייט איהר מיט פאָלען יושר אויף אַנדערע. יע, איך בין געוועזען זיכער, אַז איך האָב ניט אויסגעניצט מיין רייכטום צו שלעכטס, אַז איך האָב דאָס פערדיענט... איך בין דאָס ווערט... אַז דאָס געהערט מיר... מיט איין וואָרט, אַז דאָס האָט זיך בעשאַפען אין מיין מח... אַז דאָס געהערט מיין שכל... די בריאה פון מיין ווילען...

מעגרע. אין אויטער איז דאָס שוין ניט אַזוי?

אַרגאַנד. (אָפּגעלאָזען) יע, ווייזט אויס, ניט דאָס...

מעגרע. עהרענוואָרט, איך זעה עפּעס אַ חלום... די מענ־שען, הייסט דאָס, האָבען אייך איבערגעקעהרט דעם מח?.. נו, דאָס איז שוין צו פיעל...

אַרגאַנד. זיי האָבען מיר בעצם הדבר פאַרגעלייגט גע־רעכטיגע פאָדערונגען...

מעגרע. (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) גערעכטיגע?.. זשאַן רול!.. דאָס וואָלט מיר פערוואונדערט..

אַרגאַנד. זיי ווילען לעבען... סוף כל סוף, איז דאָך דאָס ניט קיין פערברעכען...

מעגרע. ווייטער האָט איהר זיך אריינגענומען אייערע ספקות! איצט איז ערנסט קיין צייט ניט אויף דעם, הערר אַרגאַנד, רופט זיך צו הילף אייער גאַנצע קאַלטבלוטיגקייט, אייער גאַנצע ענערגיע, איהר דאַרפט דאָס האָבען, כדי צו פערמיידען נאָך גרע־סערע צרות! אוב איהר וועט זיך אָפּגעבען אין די הערשאַפט פון די פוסטע פאַנטאַזיעס, וואָס זשע ווילט איהר זאָגען מיר דאַן טהאָן? איך שווער זיך, איהר האָט מיר ניט געוואָלט פאָלגען!.. שוין דריי נעכט ווי איהר שלאָפט ניט און איהר מטריח'ט זיך מיט די אַרבייט!

אַז גרויס די מענשליכע כוחות זאָלען ניט זיין, זיי האָבען דאָך א שיעור [illegible] און אַז דער קערפּער איז שוואַך, איז דער גייסט אויך קיין פילע ני[illegible] ווען איהר וואָלט זיך אָפּגערוהט, ווי איהר האָט געדאַרפט טהאָן, וואָ[illegible] דאָס מיט אייך ניט געקענט טרע־[illegible]. אָט איך רוה זיך אויס.. [illegible]שלאָף יעדער נאַכט!... אָהן דעם וואָלט איך שוין פון לאַנג אַנגעוואָ[illegible] מוטה... און איך וואָלט אָפּגעטראָטען, ווי אַ אידענע.

אַרגאַנד. אָבער, מיין זון, מיין זון! (אין דער מינוט דערהערט זיך פון נאָס אַ ווייטער קלאַנג פון טרומייטערס. מעגרע און אַר־גאַנד קוקען זיך איבער און הערען זיך צו. דאָס טרומייטערן הערט זיך אַלץ דייטליכער).

מעגרע. דאָס איז די מיליטער! אַס ענדע! (ער געהט צו צום פענסטער).

אַרגאַנד. (מיט אַ פערצווייפעלטע בעוועגונג) שוין! (דאָס טרומייטערן הערט זיך נעהענטער).

(דער פאָרהאַנג פאַלט).

---

# פיערטער אקט.

---

אין איין וואַלד וואו עס טרעפען זיך עטליכע וועגען. עס לאָזט זיך אַראָפּ די פינסטערע נאַכט, אויף רעכטס ניט קיין גרויסער בערגל מיט איין היל־צערנעם צלם אין דער הויך, אַ קבר. צום שפּיץ בערגל פירען אַלטע שטיינערנע טרעפּ, בעוואַקסענע מיט גראָז. די זון איז פערגאַנגען הינטער די ביימער, די דונקעלע ליניען פון זייערע שפּיצען טיילען זיך שאַרף אַרויס אויף דעם פלאַמענ־דען הימעל ביים אונטערגאַנג פון די זון. אויף מערב איז די וועג בעלויכטען מיט דעם פורפור־רויטען אָפּשיין און אויף מזרח האָבען זיך שוין געלייגט אָוענד־שאָטענס. פון וואַלד הויבט זיך אויף אַגראָה־בלאָהליכער טומאַן. בעת דעם אַקט ווערט דער אָפּשיין פון הימעל שוואַכער, ער ווערט אויסגעלאָשען, פערשווינדען, און די וועגען ווערען איינגעהילט אין פינסטערניס. דער וואַלד ווערט דונקעלער. דער הימעל, אויף וועלכען עס צינדען זיך אָן שטערן, ווערט אַ בלאַס־פיאָלעט־ווער. די נאַכט ווערט ביסלעכווייז גערינגער.

---

## ערשטע ערשיינונג.

### מאַדלענע, זשאַן רול.

ווי עס הויבט זיך אויף דער פאָרהאַנג, גייט איבערן סצענע אַריבער איין פאַטרול סאָלדאַטען אונטער די אָנפיהרונג פון איין אָפיציער. אַז דער פאַטרול געהט פאַרביי, געהען זשאַן רול און מאַדלענע אַרויס פון וואַלד, און האַלטענדיג זיך איינער די אַנדערע פאַר די הענד, הערען זיי זיך צו צו די טריט פון די סאָלדאַטען, וואָס ווערען אַלץ שטילער. זשאַן און מאַדלענע פאַרנעהמען זיך צום בערגל מיט דעם צלם. אין די מינוט בעלויכט דער רויטגעלבער אָפּשיין פון דעם זונענאונטערגאַנג דעם צלם און ווערט גלייך פערלאָשען. מאַדלענע איז מיט איין אונבעדעקטע קאָפּ, אויף איהר איז אַרויפגעוואָרפען אַ טונקעלער פלאַשין; אין די הענד האַלט זי עטליכע פאַפּירענע ניט־אָנגעצונדענע לאַנטערנעס, וועלכע זי שטעלט אַוועק אויף דעם טרעפּ פון בערגל. זשאַן רול הערט זיך צו. אַטיפּלע שטילקייט.

זשאַן רול. (גאָר ניעדעריג) איך הער זיי שוין מעהר ניט.

מאַדלענע. דאָס איז דער לעצטער פאַטרול. עס וועט זיי קיינמאָל ניט איינפאַלען, אַז מיר זיינען דאָ... דראַגונער היטען

אַלע וועגען און שטעגלאַך אין פּרע-דיו-ריאַ. מען וועט דאָ אונז ניט שטערען!...

**זשאַן רול.** דו האָסט ניט מורא, אַז די אָנגעצונדענע לאַנטערנעס?...

**מאַדלענע.** ניין, ניין, מיר זיינען ווייט פֿון שטאָדט, ווייט פֿון די פּאַטרולען סאָלדאַטען. אונז היט מען דאָך דאָרטען! נו, אַחוץ דעם, וועט דאָך היינטיגע נאַכט ניט זיין קיין לבנה. אָבער עס איז נויטיג, אַז זיי זאָלען דיר זעהען, זיי זאָלען זעהען מיין זשאַנ'ען.. בשעת ער וועט ריידען צו זיי!.. (זשאַן זעצט זיך צו אויפֿ'ן טרעפּל, ער איז פֿערקלעהרט. מאַדלענע שניידט אָפּ עטליכע צווייגלעך און שטעלט פֿאַנאַנדער די לאַנטערנעס אויף דעם פּלעצל פֿון בערגל). ביי אונז איז אַזוי, ווי יום-טיב!..

**זשאַן.** אַ יום טוב!.. (שווייגען) זאָלען זיי נאָר קומען!

**מאַדלענע.** זיי וועלען קומען! (פֿאַרנאַנדער-שטעלענדיג די לאַנטערנעס, גייט זי צו צו זשאַנ'ען). איך בעט דיר, זיי ניט נערוועז, צורודערט!.. שטאַרק זיך איבער, זעה צו זיין רוהיג! איך בעט דיר, ביז וואַנען זיי וועלען קומען, אפשר ווילסטו זיך נאָך אַביסל דורכגעהן?

**זשאַן.** ניין... ניין, איך וועל בעסער זיין אַביסל מיט דיר... זעץ זיך נעבען מיר.. גיעב מיר דיינע הענד!... (מאַד-לענע גיעט איהם איהרע הענד).

**מאַדלענע.** וואָס פֿאַר אַ הייסע הענד ביי דיר זיינען!.. (אַ שווייגען). דיר מאַטערט דער הונגער?

**זשאַן.** (מאַכט מיט'ן קאָפּ אַ צייכען אויף ניין). עס טהוט מיר וועה, וואָס איך האָב שוין מעהר ניט זייער צוטרוי. זיי געהען אַלץ מעהר אַוועק פֿון אונטער מיין ווירקונג, מיין ליעבע מאַדלענע.. זיי זיינען פֿערמאַטערט פֿון קאַמפּף.. אַנדערע מיינען, אַז איך האָב זיי אַרויסגעגעבען... ווייל איך פֿאָדער פֿון זיי מוטה. אַלע מאָל די זעלבע זאַך!... ווען ניט די געלד, וואָס מען האָט זיי צוגעשיקט פֿון בעלגיען, וואָס האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט זיך אַביסל אָנעסען, וואָלטען זיי שוין מיט צוויי טעג צוריק אַלצדינג אַוועקגע-וואָרפֿען, אפילו דיין פֿאָטער אויך...

**מאַדלענע.** אָ! דער פֿאָטער איז קראַנק!.. צופֿיעל טרע-וואָגעס האָט ער אַריבערגעטראָגען!.. פֿון דעם טאָג אָן, ווי ער האָט זיך געזעהען מיט אַרגאַנד'ן, פֿאַרשטייט ער קוים וואָס ער רעדט!.. ער האָט גאָר פֿערלאָרען דעם שכל

**זשאַן.** זיינע געדאַנקען קעהרען זיך אַהין, צו זיין בעל-הבית. ער איז גרייט זיך אומקעהרען אייפ'ן פֿאַבריק... אַנדערע —



אויך דאָס זעלבע! דערצו נאָך, ווי באַלד דער אונצוטרוי איז שוין אַריינגעקראָכען אין די מוחות פֿון המון... איז אַלץ פֿערלאָרען!...

**מאַדלענע.** מען בענוצט זיך מיט זייער שוואַכקייט און אונוויסענהייט... דאָס איז נאַטירליך. און דו האָסט דאָס געדאַרפֿט ערוואַרטען! אָבער דו קענסט זיי נאָך ווייטער קריגען!...

**זשאַן.** (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). זיי פֿערשטעהען גאָר נים, וואָס הייסט זיך מקריב זיין. דער הונגער שרעקט זיי אָפּ און זיי ציטערן פֿאַר דעם שאָטען פֿון טויט!

**מאַדלענע.** מען דאַרף זיי אויסלערנען אַריבערטראָגען הונגער, פֿעראַכטען דעם טויט...

**זשאַן.** אָבער ווי אַזוי?.. איך ברעך זיך די קאָפּ אומזיסט...

**מאַדלענע.** מיט רוהיגקייט און מיט גוטען!

**זשאַן.** זיי וועלען זאָגען אַז איך בין אַ טרום!..

**מאַדלענע.** צי דען האָט יעזוס בעגייסטערט מענשען מיט'ן בייטש? (זשאַן מאַכט אַ תנועה פֿון מוטהלאָזיגקייט). מענשען זיינען געבליעבען די זעלבע מענשען.. עס האָט זיך קיין זאַך ניט געביטען!.. (זי שפּאַרט זיך אָן צאַרט אויף זשאַנ'ס פּלייצע). זיי ווייך און גוט.. ווער ניט אויפֿגערעגט... און רייד מיט זיי פּראָסטע דבורים, זאַכען, וואָס זיי זאָלען קענען פֿערשטעהן!.. אונטער זייער פֿערגרעבטע הויט האָבען זיי עלענדע שוואַכע קינדערשע נשמות, וואָס האָבען פֿאַר אַלץ מורא. שטופּ זיי ניט אָפּ מיט שאַרפֿקייט... פֿיהר זיך מיט זיי מיט גוטען... ווען אפילו זיי בעליידיגען דיר! זיי זיי מוחל, ווען אפילו זיי וועלען דיר שלאָגען! פֿיהר זיך מיט זיי ווי מיט אינגליקליכע חולאים אָדער ווי מיט קליינע קינדער!..

**זשאַן.** יע, מאַדלענע! וואָס פֿאַר אַ האַרץ ביי דיר איז! און ווי ניטווירדיג איך פֿיהל זיך אין פֿערגלייך מיט דיר!

**מאַדלענע.** רייד דאָס נים. וואָס וואָלט פֿון מיר געוועזען, ווען ניט דו? דערמאָהן זיך, וואָס פֿאַר אַ שוואַכע און שרעקעריגע איך בין געוועזען.. און ווי פֿינסטער עס איז געוועזען מיין נשמה!.. אָבער דו האָסט זיך געוויזען! און אַלץ, וואָס האָט געדרעמעלט אין מיר, האָט אויפֿגעוואַכט... אַלץ, וואָס איז געוועזען אין חשך, איז בעלויכטען געוואָרען!... און דאָס איז דיין ליכטיגקייט... דיין ליכטיגקייט האָט מיר איצטער בעלויכטען, מיין הייסגעליעבטער!

**זשאַן.** איצטער, איצטער האַלטסט דו מיר אונטער, מאַד-לענע... דו שטעלסט אויף די מאַכט פֿון מיין גייסט, ווען ער שאָ-קעלט זיך... און פֿון מיין שוואַכקייט מאַכסט דו אַ קוואַל פֿון נייע און נייע האָפֿנונגען און פֿון טיעפֿען גלויבען... אין דיינע אויגען.. אין די הימעלשע טיפֿקייט פֿון דיינע אויגען זעה איך דעם שטערן

פֿון צוקונפֿט.. זעה איך די ליכט פֿון דעם שיין פֿון פֿרייהייט, וואָס פֿאַרנעהמט זיך איצטער... און איך האָב געטראָפֿען, איך האָב דאָס אַלץ בעמערקט אין דיינע טרעהרען!

**מאַדלענע.** דו געדיינקסט, ווען איך האָב געוויינט... (שפּאַרט זיך צו צו זשאַנ׳ס ברוסט)... איין קוק דיינער פֿלעגט אויסטריקענען מיינע טרעהרען!... און ווען איך פֿלעג דערהערען דיין שטימע, מיין זשאַן, פֿלעגען זיך פֿאַר מיינע אויגען פֿאָרשטעלען פּאַלאַצען.: פּאַלאַצען, אין וועלכע אָרימע לייט זיינען געווען אָנגעטהאָן אין גאָלד... אַלע מיינע דאגות און טרויעריגע געדאַנקען פֿלעגען ווערען ליכטיגע שטראַהלענדע טרוימעריען, בעפֿליגעלטע, שיינע אין צאַרטע ווי בלומען!.. אָ, דו קענסט זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלען, וואָס פֿאַר אַ וואונדערליכע ווירקונג דו פֿלעגסט אויף מיר מאַכען, מיט דיין זיין ביי אונז אַליין! בשעת דו פֿלעגסט זיין ביי אונז, פֿלעגסטו מאַכען אַנ׳אמת׳ען פּאַלאַץ פֿון אונזער שטוב, אַזאַ שלעפֿערשע און חשבדיגע!...

**זשאַן.** מאַדלענע, מאַדלענע... איך האָב דאָס אַלץ געזעהען אין דיינע טרעהרען, מאַדלענע!

**מאַדלענע.** און די קליינע ברידערלאַך!... דו געדיינקסט, ווען זיי פֿלעגען וויינען, פֿלעגסטו זיי נעהמען צו זיך אויף די קניה, פֿלעגסט זיי וויעגען און פֿלעגסט ריידען מיט זיי מיט אַזאַ ליעבע... מיט אַזאַ ליעבע! און זיי פֿלעגען דיר שמייכלען און פֿלעגען איינשלאָפֿען אויף דיינע הענד גליקליכע, דערטרייסטע. (זשאַן נעהמט אַרום מאַדלענע׳ן). און אָט, זשאַן, טהו פֿאַר די, וואָס וועלען באַלד קומען אַהער, די זעלבע זאַך, וואָס דו האָסט געטהאָן פֿאַר מיינע קליינע ברידערלאַך און פֿאַר מיר... דאַן וועלען זיי אויך אָנהויבען צו שמייכלען און וועלען געהען נאָך דיר... זיי וועלען נאָכגעהען נאָך דיר אפֿילו צום טויט.. מיט אַ שמייכעל און מיט געזאַנג אויף די ליפּען...

**זשאַן.** אָ, מאַדלענע! מאַדלענע!.. איך בין אויף אַלץ גרייט, וואָס עס זאָל ניט פֿאָרקומען. וואָס פֿאַר אַ אומגליק, וואָס פֿאַר אַ פֿערדעטונג, און וואָס פֿאַר אַ וועהטאָגען עס זאָלען ניט אויספֿאַלען אויף מיין מזל... איך וועל זיך שוין מעהר ניט בעקלאָגען, ווייל מיר איז בעשעהרט געוועזען צו בעגעגנען אויף מיין ניט פֿרייליכען וועג אַזאַ אונגרענצליכען, העכסטען גליק, ווי דיין ליעבע! (זיי נעהמען זיך אַרום, קושען זיך). אָ, גיעב דיינע אויגען.. אַז זייער טיעפֿקייט זאָל אָנצינדען אין מיר אַ הייליגען פֿייער.. וויין דיינע ליפּען, איך זאָל קענען אָנשעפּען אין זיי אַ וואונדערליכען כח. (זיי דריקען זיך פֿעסט צו איינער צו דעם אַנדערן). נאָך!.. נאָך!. ווען עס וואָלט דאָס קיינמאָל ניט אָנגעקומען דער טאָג נאָך די בעדרישונג פֿון אַזאַ נאַכט!..



**מאַדלענע.** (שטעלט זיך פּלוצלונג). שווייג!.. שטילער!.. שטילער... האָרך!.. (זי שטעלט עטליכע טריט, האָרכט זיך איין). איך הער׳ טריט.. איך הער שטימען... דאָס זיינען זיי... (זשאַן שטעלט זיך. ער טהוט אַ מאַך מיט די האַנד איבער׳ן שטערן)

**זשאַן.** נו!...

**מאַדלענע.** (גייט ווייטער צו צו זשאַנ׳ען): וואָס זיי זאָלען ניט טהאָן, מיין זשאַן; וואָס זיי זאָלען ניט ריידען... זיי גוט. דו האָסט דאָס מיר צוגעזאָגט

**זשאַן.** (שטיל). יע...

**מאַדלענע.** (געהט צו די שטעגעלע אויף רעכטס און זאָגט צו די שטרייקער, וועלכע זעהען זיך נאָך ניט). אַהער!.. (איינצעלנע שטרייקער און גאַנצע גרופּפּען קומען מיט דער שטעגעלע).

## צווייטע ערשיינונג

זשאַן רול, מאַדלענע, פֿיליפּ אורטאָ, פּיער אַנסאָם, יוסף באָרד, זשול פּאַקאָ, זעפֿערין בוררי, פּראַנסואַ גוזש, פּיער פּיינאַרד, שטרייקער, פֿרויען, קינדער.

**פּיער אַנסאָם.** גוטען אָוענד, מאַרלענע!

**מאַדלענע.** גוט יאָהר, פּיער!

**פּיער אַנסאָם.** (געהט צו צו זשאַנ׳ען). זיי פֿאָרזיכטיג!.. דאָ זיינען דאָ אַזוינע, וואָס זיינען געקומען מיט אַ שלעכטען מין!..

**זשאַן.** איך וויים דאָס, פּיער... אָבער איך וועל מיט זיי ריידען.

**פּיער אַנסאָם.** שוין עטליכע טעג, ווי מען רעגט זיי אויף געגען דיר! און אַז מען זאָל אַ זוך טהאָן ביי זיי אין די קעשענעס, וועט זיך דאָרטען מסתמא געפֿינען מטבעות, פֿון וועלכע עס שמעקט מיט מעגרע׳ס פֿינגער...

**זשאַן.** דו האָסט אַ טעות, פּיער... דאָ זיינען פֿאַראַן מענשען, וואָס האָבען פֿערלאָרען דעם מיטינגען גייסט! אָבער פֿערעטער — דאָס גלויב איך ניט!

**פּיער אַנסאָם.** עס זיינען אומעטום דאָ שרצים! זיי פֿאָרזיכטיג! איך גלויב דיר... איך שטעה פֿאַר דיר... איך שטעה אויף מיין אָרט.. און קוק!...

**זשאַן.** (דריקט די האַנד פּיער׳ן). עס זיינען אויך דאָ מוטיגע הערצער... איך דאַנק דיר, חבר... איך האָב אַלע מאָל גערעכענט אויף דיר...

די שטרייקער קומען צו; איינע אין פֿעלענע פֿאַרטוכער מיט היטלען, אַראָבגעלאָזענע איבער די אויגען; אַנדערע אין יום-טוב׳דיגע בגדים; די דריטע

אין טראַטעס.. פיעלע פרויען מיט שטיינגעס אויפ׳ן קאָפּ און לאַנגע, שוואַרצע מאַנטלען, איינע פיהרען קינדער פאַר׳ן האַנד, אַנדערע טראָגען זיי. פנימ׳ער אויסגעדאַרטע, אויסגעמאָגערטע מיט שפּירען פון מאַנגעל און הונגער; אייניגע האָבען שטרענגע געזיכטער, וועלכע די האַלב-טונקעלע בעלייכטונג גיעט צו נאָך מעהר אויסדריקליכקייט. מען קומט פון רעכטס, פון לינקס. פון אַלע זייטען, מיט אַלע וועגען און שטעגלאַך פון וואַלד. מען שטעלט זיך פאַנאַנדער אויף די רעכטע און לינקע זייט פון בערגעל. מאַדלענע צינדט אָן די לאַנטערנעס. זשאַן איז ארויפגעגאַנגען אויפ׳ן שפּיץ און וואַרט, שטעהענדיגערהייד, צוגעשפּאַרט צום צלם. זיין ערנסטע געזיכט איז בעלויכטען מיט׳ן שיין פון די לאַנטערנעס. ער קוקט ווי די מאַססע צוטיילט זיך אויף גרופּפּען. מאַדלענע צינדט נאָך אָן די לאַנטערנעס. צווישען די שטרייקער הויבען זיך אָן שמועסען. פון דעם המון הויבט זיך אויף א טומעל פון שטימען.

יוסף באָרד. (אין די גרופּפּע אויף לינקס). שטילער!.. קוקט זיך איין אויף איהם... ער איז אין גאַנצען בלאַס געוואָרען...

זשול פּאַקאָ. אַ-אַ, ער האָט מורא... ער מאַכט זיך שוין ניט פאַר קיין חכם... מיר האָבען שוין איהם אַביסל אָפּגעהאַלטען...

יוסף באָרד. אַלץ איינס, ער וועט אונז דאַרפען געבען איין ערקלעהרונג...

זשול פּאַקאָ. ער וועט געוויס קיין זאַך ניט וועלען ענטפערן...

פיער פיינאַרד. (אַ אַלטער מאַן). וואָס איז דאָרטען?.. וועגען וועמען רעדסט דאָס? דו!...

זשול פּאַקאָ. וועגען דיין שוועסטער! (זיי לאַכען. פיער פיינאַרד פערליערט זיך אין דעם המון, קוועטשענדיג מיט די פּלייצעס).

יוסף באָרד. (ווייזט אויפ׳ן צלם). אָט איז גרויסאַרטיג.. אַ-לאַ-לאַ! וואָס פאַר אַ בעלייכטונג!.. צו איז היינט גאָר ניט דער 14 טער יולי? (עס הערט זיך אַ געלעכטער, געמישט מיט אונצופריעדענע אויסרופען. באָרד און פּאַקאָ פערליערען זיך אין המון, אויף לינקס. אין דער גרופּפּע אויף רעכטס איז אַ צורודערונג, געשרייען, מחלקות).

פראַנסואַ גוזש. איך זאָג דיר, אַז יע.

זעפערין בוררי. און איך זאָג נאָך אַמאָל, אַז ניין...

פראַנסואַ גוזש. איך זאָג דיר אַז אַ העלפט געלד האָט ער אַראָפּגעלאָזען צו זיך אין קעשענע.

זעפירין בוררי. זאָג דאָס אַקאָרשט נאָך אַמאָל.

פראַנסואַ גוזש. יע, ער האָט אַראָפּגעלאָזען צו זיך געלד.

זעפערין בוררי. טאָ לייג אַריין זיך אין קעשענע אָט דאָס. (ער גיעט איהם אַ שטויס). און געה טראָג דאָס אַוועק אַרגאַנדין, וועלכער שיקט דיר אָהער ריידען רכילות. (קולות, אַ טומעל; מען נעהמט זיי פאַנאַנדער)



פראַנסואַ גוזש. (ער שלאָגט זיך אָב). קיה, נאַרישע קיה.. (מען שטופּט איהם, ער פערשווינדט אין דעם המון).

אַ שטימע פון די מאַססע. ווערט ענטשוויגען!..

אַ צווייטע שטימע. נעהמט איהם צו...

פיער אַנסאָם. אַז איהר וועט אַזוי שרייען, וועלען קומען די סאָלדאַטען אייך פאַנאַנדערנעהמען...

שטימען. (וואָס הערען זיך פון אַלע זייטען). שווייגט!.. שווייגט!.. (ביסלעכווייז ווערט ווייטער איין אָרדנונג, די קולות ווערען שטילער: מאַדלענע זעצט זיך אויפ׳ן העכסטען טרעפּל פון בערגעל. פרויען, וואָס שפּאַרען זיך איינע נעבען די אַנדערע צו זעצען זיך אויף די נידעריגערע טרעפּלעך.

זשאַן רול. (שטעלט עטליכע טריט פאָראויס. ער איז רוהיג און בלאַס. עס זעהט זיך מעהר ניט זיין געזיכט. זשאַן רול הויבט אויף די האַנד).

אייניגע שטימען. (פון פערשיעדענע זייטען). האָרכט!.. האָרכט!.. (אַ בעוועגונג; דער המון הערט זיך איין).

זשאַן רול. (שטייף). מיינע פריינד!...

אַ שטימע פון המון. מיר זיינען דיר גאָר קיין פריינד ניט!.. (קולות: „שווייגט!” „הערט אוים”)... אויב ווער עס איז פון אייך וויל מיר עפּעס אויפוואַרפען, זאָל ער אַרויסזאָגען. אויב ווער האָט מיר עפּעס אין וואָס צו בעשולדיגען, זאָל ער אָ..ן דערצעהלען, וואָס ער ווייס. נאָר דאָס אַלץ, ווי עס פּאַסט פאַר פרייע מענשען און ניט ווי אינגלאַך!... מיר זיינען אַהער געקומען כדי צו ערקלעהרען זיך ווי עהרליכע לייט און ניט צו בעליידיגען איינער דעם אַנדערען און שלאָגען זיך. (אַ מורמעל)

אַ שטימע פון המון. יע, יע, אַזוי!..

איין אַרבייטער. רייד, רייד! מיר הערען דיר...

פיער אַנסאָם. און זאָלען שווייגען די אונטערגעקויפטע פעררעטער! (אויסגעשרייען).

זשאַן רול. איהר האָט דאָס רעכט צו בעקלעהרען און צו טאַדלען מיין טהעטיגקייט... אויב איהר האָט שוין מעהר צו מיר קיין צוטרוי ניט, קענט איהר ביי מיר אָפּנעהמען אייער בעפאָלמעכטיגונג... מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך טהו אַזוי, ווי דאָס פאָדערן אייער ווירדע און אייערע אינטערעסען... אויב איך האָב אַ טעות געהאַט, וועל איך אייך אומקעהרען אייער בעפאָלמעכטיגונג... גיט דאָס איבער איין אַנדערען, וואָס איז דאָס מעהר ווערט און איז איך מעהר איבערגעבען, ווי איך!...

פֿערשיעדענע שטימען. ניין... ניין... יע... יע, שוויגט!... שוויגט!

זשאַן רול. (שרייט איבער דעם טומעל מיט זיין שטימע). אָבער אין נאָמען פֿון אייער כבוד, אין נאָמען פֿון די געדאַנקען— פֿאַר וועלכע מיר קעמפֿפֿען.. וואַרפֿט ניט קיין בלאָטע אין דעם מענשען, וועלכער איז פֿערנומען מעהר ניט מיט איין געדאַנקען: אייך ליעבען... וועלכער האָט נאָר איין ציעל — אייך דיענען און וועלכער האָט קען זיין געהאַט איין טעות — וואָס ער האָט אייך גערעכענט פֿאַר העלדען, וואָס זיינען פֿייהיג אַרויסצוגעהן פֿון אונטעריאָכונג און ערקעמפֿפֿען זיך פֿרייהייט אין דער צייט, ווען איהר קענט נאָר זיין קנעכט, וואָס שטעלען אונטער זייער האַלז אונטער איין נייען יאָך, די הענד — אונטער נאָך שווערערע קייטען! (אַ לייכטער מורמלען. עס הערען זיך אויסשרייען: „אָ!", „אַ", אָבער שוין מעהר איינגעהאַלטענע. נאָך די לפֿי־ערכ'דיגע שטילקייט, וואָס איז געוואָרען נאָך זשאַן רולס רייד, פֿיהלט זיך, אַז ער האָט ווידער צוגעצויגען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דעם המון. אַ שווייגען). די אויפֿוואַרפֿען, די בעשולדיגונגען, וועלכע שוין פֿון אַ געוויסע צייט טראָגען זיך איבער פֿון איין גרופּפּע צו דער אַנדערער, פֿון איין שטוב אין די צווייטע, כדי צו שטערען צווישען אייך די איינהייט, נאָך מעהר, כדי אָפּנעהמען ביי אייך די געוועהר געגען אייערע פֿיינד, — איך ווייס פֿון זיי.. און איך וועל ענטפֿערן אויף זיי! אָבער מעהר ניט ווי אויף דעם... ווייל איהר וואָלט מיר אויפֿגעהערט צו אַכטען, ווען איך וואָלט זיך כאָטש אויף איין מינוט אָפּגעשטעלט אויף די שפּל'דיגע רכילות, וואָס זייער שמוציגען קוואַל וואָלט געווען ניט שווער צו געפֿינען... (אַ נייער מורמלען, אויסגעשרייען: „אָ!").

פֿיער אַנסאָם. בראַוואָ!.. בראַוואָ!..

זשאַן. איהר וואַרפֿט מיר אויף — און דאָס איז דער וויכטיגסטער בלבול, וואָס מען מאַכט מיר — איהר וואַרפֿט מיר אויף, אַז איך האָב זיך ענטזאַגט פֿון דעם מיטהילף פֿון די ראַדיקאַלע דעפּוטאַטען, וואָס האָבען זיך געוואָלט אַריינמישען אין אונזער זאַך און נעהמען אויף זיך דעם אָנפֿיהרען מיט דעם שטרייק!

פֿערשיעדענע שטימען. אַ־אַ!.. יע!.. יע! שווייגט... הערט זיך אַיין!...

זשאַן. איך האָב דאָס טאַקע געטהאָן.. דאָס איז ריכטיג און איך שטאָלציר מיט דעם! (אַ בעוועגונג אין המון) אָ, איך האָב געזעהען, ווי זיי אַרבייטען, די דעפּוטאַטען!.. און איהר אַליין, צו דען האָט איהר פֿאַרגעסען די נידעריגע ראָליע די געמיינע קאָמעדיע, וואָס זיי האָבען געשפּיעלט בעת דעם לעצטען שטרייק... ווען זיי



האָבען אָפֿריהער געשטיפֿט די אַרבייטער צו איין פֿערצווייפֿעלטען ווידערשטאַנד.. נאָכהער האָבען זיי זיי אַרויסגעגעבען... אָהנמעכטיגע, אַרומגענומענע מיט האַק און פּאַק אין רשות פֿון זייער פּרינציפּאַל, אין דעם טאָג גופא, ווען נאָך איין אָנשטאַרקונג, קען זיין, איין אָנשטריינגונג און ער וואָלט מוזען נאָכגעבען!! טאָ ניין זשע, ניין!.. איך וואָלט ניט וועלען, אַז מיט דעם הירוץ אייך צו בעשיצען זאָלען די אינטריגאַנטען אייך אָנבאָטען זייער הילף... ווען איהר — צוהערט איהר — זייט מעהר ניט איין געצייג איינצוהאַלטען און צו פֿערשטאַרקען זייער מאַכט ביי די וואַהלען.. מעהר ניט אַ שפּייז אָנצוזעטיגען זייערע אַפּעטיטען... איהר האָט גאָר קיין שייכות ניט מיט די מענשען!.. זייערע אינטערעסען זיינען אַזוי עהנליך צו אייערע, ווי די אינטערעסען פֿון דעם מלוה און פֿון זיין בעל־חוב.. אָדער פֿון דעם מערדער מיט די אינטערעסען פֿון זיין קרבן. (פֿערשיעדענע תנועות, אַ שטאַרקע צורודערונג הויבט זיך אָן אין המון. זשאַן רול רעדט העכער). לאָמיר אַ קוק טהאָן, וואָס האָבען זיי געטהאָן פֿאַר אייך? וואָס האָבען זיי זיך געפּרובט טהאָן פֿאַר אייך?.. וואו איז דער בעפֿרייאונגס־געזעץ, וואָס זיי האָבען אַרויסגעגעבען, וועלכען זיי זאָלען כאָטש פֿאַרלייגען?...

שטימען. דאָס איז אמת... אמת!

זשאַן. נאָך מעהר, צו האָט זיך פֿון זיי געהערט אַ שטימע, אַ שטימע פֿאַר אייך?.. צו האָט זיך ביי זיי אַרויסגעריסען אַ געשריי פֿון רחמנות?.. אַ געשריי, וואָס געהט אַרויס פֿון אינעווייניגסטע ליעבע און וואָס האַלט אונטער אין די הערצער פֿון די, וואָס דער מזל האָט זיי פֿערזעהען, אַ בטחון, וואָס איז פֿאַר זיי נויטיג?.. צו האָט איהר געהערט דעם געשריי?.. זאָגט מיר איהם איבער.. און רופֿט מיר אָהן כאָטש איינעם פֿון די מענשען, וואָס זאָל שטאַרבען פֿאַר אייך.. וואָס זאָל צוליעב אייך געהן צום טויט!...

זעפֿערין בורדי. (צווישען דעם מורמלען). בראַוואָ, אמת!...

זשאַן. איהר דאַרפֿט דאָך פֿערשטיין, אַז זיי עקזיסטירען אַ דאַנק אייער אַיינטרוי! זיי נוצען אויס אייער לאַנגיאָהריגע אונוויסענהייט, אייער פֿינסטערקייט, דאָס איז זייער גוטס; פֿון אייער קנעכטשאַפֿט קריגען זיי אַרויס פֿאַר זיך רעכטע.. ביי אייער לעבען ווערען זיי פֿעט פֿון אייער אָרימקייט און אייער נאַרישקייט, און בשעת איהר שטאַרבט, מאַכען זיי זיך דענקמעלער פֿון אייערע טויטע קערפּערס. צו דען האָט איהר דאָס געוואָלט?

אַ שטימע. ניין... ניין.. ער איז גערעכט!...

זשאַן. אין דעם טאָג, ווען איהר וועט פֿאַלען פֿון די ביקסען אויף די רויטבעפֿאַרבענע ערד.. איהר, אייערע קינדער און

ווייבער.. וואו וועלען זיי זיין? וואָס טהוען זיי? זיי ריידען? (בראַוואָ־פּאַטשען און פּראָטעסטען). עלענדע, בלינדע סטאַדע, ווע לען דיר שטענדיג פיהרען אָט די שלעכטע פּאַסטוכער?

זשול פאקאָ. (אין דעם טומעל פון די שט־מען) ניט אין דעם איז דער הויפּט-ענין!

פראַנסוא גוזש. מיר זיינען גאָר גיט קיין סטאַדע!

זשול פאקא. ער בעליידיגט אונז... מיר זיינען אַזוינע, ווי ער... ניט ערגער!..

פיליפ אורטאָ. (קלעטערט אַרויף אויף אַ אָבגעהאַק־טען בוים) גענוג צו באָלבענען!.. זאָג אונז בעסער, וואו האָסטו אהינגעטאָהן די געלד?

שטימען יע.. יע... די געלד... די געלד..

זשאַן רול. ווער רעדט דאָס אַזוי?

פיליפ אורטא. (שפּרינגט אַראָפּ פון אַבגעהאַקטען בוים און גערט צו צו די ערשטע טרעפּ פון בערגל) פילים אורטא!..

זשאַן רול. מען האָט דיר אָבגענאַרט, פיליפ אורטא... פאַר וואָס דו צווינגסט מיר ערקלעהרען פאַר אַלעמען, אַז איך האָב פון די געלד פאַר זיך גאָר ניט געלאָזען. איך האָב נאָך אייך אוועקגעגעבען מיין טהייל אויך...

אַ שטימע. טאַקע? בראַוואָ!.. בראַוואָ!..

פיליפ (קעהרט זיך אום אין המון, מיט בעלעבטקייט) ראיות... ראיות!..

פיער אַנסאָם. שווייגט.. שווייג, אויסוואָרף!.. שווייגט, אונטערגעקויפטע! (אַ טומעל).

זשאַן רול. (שרייט איבער דעם געפּילדער מיט אַ דונע־רענדע שטימע) לאָזט מיר ריידען!.. איהר וועט מיר ניט שטערען ריידען... איהר, וואָס איהר ווערט מיטהעלפער פון אונזערע שונאים און פערנאַנדערטרעגער פון זייערע ניעדריגע רכילות!..

שטימען. הערט זיך איין!.. הערט!..

זשאַן רול. אָ, איך לייען אין אייערע הערצער!.. איהר האָט מורא צו ווערען מענשען, זיך פיהלען פריי... דאָס שרעקט אייך!.. אייערע אויגען, וואָס זיינען געוואוינט געוואָרען צו פינס־טערניש, דערוואָגען זיך ניט צוקוקען אויף די ליכט פון דער זון. איהר זייט אַזוי ווי געפאַנגענע, וואָס ביים אַרויסגעהן פון טורמע שאָקלען זיי זיך פון דעם פרישען לופט און פאַלען אויף די פרייע ערד!.. איהר דאַרפט האָבען אַ בעל־הבית... נו, זאָל זיין אַזוי!.. נו קלייבט איהם אויס... אונטערדריקונג נעגען אונטערדריקונג. (אַ בעוועג־נג



אין המון... זשאַן מאַכט ברייט מיט'ן האַנד). לאָזט פאַר זיך דעם בעל־הבית!.. (עס רייסט אויף אַ כעס) לאָזט פאַר זיך דעם בעל־הבית!.. (די שטרייקער מיט אויפגעהויבענע קולאַקעס, מיט געשרייען און סטראַשונקעס געהען צו געהענטער צום בערגל. זשאַן לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ פּאָר טרעפּלעך און אָנכאַפּענדיג פאַר'ן פלייצע איין שטרייקער טרייסעלט ער איהם און שרייט מיט אַ דונערענדע שטימע) דער בעל הבית איז אַ בשר ודם, ווי איהר... ער איז שטענדיג פאַר אייך... מען קען מיט איהם ריידען... מען קען איהם פונאַנדעררייהרען, מען קען איהם סטראַשענען, מען קען איהם צו'הרג'ענען!.. אַם ווענינסטענס, ער האָט אַ געזיכט, אַברוסט, און וועלכער מען קען אריינלאָזען אַ מעסער!.. אָבער פּרובט פו־נאַנדעררייהרען, דורכשטעכען די בעשעפענים אָהן פלייש און ביי־נער, וואָס מען רופט פאַלשקייט און צביעות! דאָס איז אַ גליציגע און אַרויסדרייהיגע בעשעפענים, וואָס ווען מען מיינט שוין, אַז מען האַלט דאָס שוין אין האַנד, גליטשט זי זיך מיט אַמאָל אַרויס, וואָס מען רעכענט איהר שוין פאַר טוידט, און זי לעבט ווידער אויף!.. די העסליכע זאַך, וואָס האָט אַלץ פערקרימט, אַלץ אונטערגעקויפט און צוקאַליעטשעט... אַלץ!.. יושר, ליעבע, שיינהייט!.. זי האָט דעם געוויסען, וואָס פערקויפט זיך פאַר געלד, געמאַכט פאַר אַ נאַציאָ־נאַלע איינריכטונג אין פריינקרייך... זי האָט געטהאָן נאָך ערגער, ווייל זי האָט מיט איהר עקעלדיגען גרונד פערפלעקט דעם שטריי־גען געזיכט פון אַריכאָן!.. נאָך ערגער, ווייל זי האָט אָפּגענומען ביי אייך דעם לעצטען אידעאַל... דעם גלויבען אין די רעוואָלוציע!.. (זשאַנ'ס ענערגישע פּאָזע, זיינע הגיעות, דער כח, מיט וועלכען ער זאָגט די לעצטע ווערטער, שטעלען איין אין איין מינוט צוריק די שטילקייט. דער המון טרעט אָפּ צוריק, אָבער ער איז נאָך אַלץ צורודערט און הוזשעט נאָך). פערשטעהט איהר, וואָס איך וויל פון אייך?.. וואָס איך פאָדער נאָך פון אייער ווירדיגקייט, פון אייער ענערגיע, פון אייער שכל?.. איך האָב געוואָלט.. און איך וויל פון אייך... אַז איהר זאָלט כאָטש איינמאָל ווייזען פאַר די וועלט איין גייע... איין שרעקליכע... אַ פרוכטבאַרע פאָרם פון אַ שטרייק, וואָס איהר אַליין האָט געמאַכט, איהר און נור פאַר זיך!.. (אַ שוויי־גען) און אויב אייך זאָל אויסקומען צו שטאַרבען אין דעם קאַמפף... טאָ ווייזט ווי צו שטאַרבען. נאָר איין מאָל... פאַר זיך... פאַר אייע־רע קינדער, פאַר די, וואָס וועלען פון זיי געבאָרען ווערען... און ניט פאַר די, וועמען אייערע מאַטערנים ברייננט נוצען. (אַ פער־שטיקטע אונצופריעדענהייט. אַ צורודערונג. די שטרייקער, וואָס זשאַן האָט זיי איינגענומען, קוקען איינער אויף דעם אַנדערען, ווי זיי וואָלטען עפּעס פרעגען).

פיליפ אורטא. (טרעט אַרוים פון המון, איינינע שטריי־

קער גיעבען איהם צו טוטה און ער געהט צו צום בערגיל) דאָ אלץ איז גאנץ פֿיין!.. אָבער דו, זשאן רול, רעדסט אַזוי, ווי אנדערע צבוע'קעס, וועלכע דו שטראָפֿסט. (א געלעכטער אין המון) ווערסטו אונז אָבער געבען געלד? הא? ווערסטו אינז געבען ברויט?..

זעהר פֿיעלע שטימען. (געמישט מיט ניט פֿיעלע פּראָטעסטען פֿון די, וואָס זיינען געבליבען טריי זשאַנ'ען)!.. אמת!.. אמת!.. ברויט!.. רייד.. עס לעבע אורטאָ!..

פֿיליפּ אורטאָ. מיר קענען זיך דאָך ניט נעהרען מיט דיינע רייד אַליין.

זשול פּאַקאַ. אַ!.. אַ!.. אָט אַזוי!.. רייב איהם אָן אַ נאָז!..

פֿיליפּ אורטאָ. ווי שעהן זיי זאָלען ניט זיין... (געשרייען: „בראַוואָ". אורטאָ, אויפֿגעמונטערט און צופֿריעדען מיט דעם לויב, גלייכט זיך אויס און נעהמט אָן אַ פּאָזע פֿון אַ רעדנער) פֿון די דעפּוטאַטען, וועלכע דו האָסט פֿערטריעבען פֿון דאַנען... וואָלטען מיר בעקומען ברויט און געלד.. (צום המון) ניין אפשר, חברים?

אַלץ מעהרערע און מעהרערע שטימען. יע.. יע!..

פֿיליפּ אורטא. און מיר וואָלטען זיך לענגער געקענט האַלטען... ניין אפשר, חברים?..

שטימען. יע... יע!..

זשאַן רול. דיין פֿוילקייט רעדט אין דיר אַזוי, אורטאָ.. דו ביזט אַ קנאַפּער אַרבייטער. אַ שטרייק!.. דו האָסט זיך, ווייזט אויס, פֿאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ יום־טוב.. אַרומגעהן פּוסט און פּאַס.. באַליקלאַך, שכרות... און מען וועט נאָך דערפֿאַר צאָהלען!.. איך קען דאָך דיר... כל זמן עס איז געווען וואָס צו עסען און צו טרינקען... ביזט דו געווען פֿון די סאַמע פֿערברענטע... און איצטער, אַז עס קומט אויס איינצוקוועטשען דעם בייך און לייַדען.. ממה נפשך, געה זיך דיר, קיינער האַלט דיר ניט!.. (אַ פֿיינדליכע מורמלען אין המון).

פֿיליפּ אורטאָ. (זיך אויספֿינענדיג) דיינע ווערטער ברייגען מיר שוין ניט מעהר אין ענטציקונג! ווייסטו דאָס? דיינע מאַניערען פֿון א אויבערהאַרר שרעקען מיר אַ האָר ניט אָפּ. גיעב בעסער אַ ענטפֿער!.. ברויט ווערסטו געבען?..

זשאָן רול. ברויט איז דאָ אין די שטאָדטיגע פּעקאַרניעס... געה, נעהם.. (אין המון: אָ, אָ!)

פֿיליפּ אורטאַ. געלד?

זשאַן רול. פֿערדיען!.. (די קולות ווערען גרעסער, עס הערען זיך אויסרופֿען: „אַ!.. אָ..." די פֿיינדליכע שטימונג געגען



זשאַן רול'ען וואַקסט).

פֿיליפּ אורטא. (צום המון) איהר הערט וואָס ער רעדט?

דער המון. יע.. יע!..

פֿיליפּ אורטאָ. (זשאַן'ען) ווי ווילסטו, אַז איך זאָל פֿערדיענען געלד... אַז צוליעב דיר האָט מען מיר אַרויסגעטריבען פֿון ווערקשטאַט?.. אַז דו ביזט אַליין שולדיג אין דעם, וואָס מיר לייַדען הונגער... ווי זשע פֿערלאַנגסטו, אַז איך זאָל איצטער פֿערדיענען?.. אַך דו, וויצלינג איינער!

זשאַן רול. מיט קאַמפּף.. אונווירדיגער מענש!.. (קולות... אַ גערויש. אומזיסט מישען זיך אַריין פֿיער אַנסאָם און נאָך עטליכע אַרבייטער, כדי איבערצובייטען די שטימונג).

פֿיליפּ אורטאָ. און געוועהר.. געוועהר ווערסטו אונז געבען?

זשאַן רול.. העלצער... ווילעס, פּאַקלען... דיין ברוסט!..

פֿיליפּ אורטא. אַזוי גאָר!.. אָט דאָס האָט זיך די פּערוואָלט!.. (צום המון) מיין ברוסט דאַרף נויט'נ האָבען דער הערר זשאַן!.. אָט דאָס וויל ער!.. (זשאַן רול'ען) נו, טאָ גיעב אונז ברויט!.. און מיר וועלען זיך שלאָגען... (דער המון: ברויט!.. ברויט!.. ניעדער מיט זשאַן רול'ען!..)

פֿיליפּ אורטאָ. דו ביזט אונז דערעסען!

דער המון. ברויט.. ברויט!..

פֿיליפּ אורטאָ. מיר קענען דיר אַ פּנים? מיר ווייסען, פֿין וואַנען דו האָסט זיך גענומען? גענוג האָבען מיר זיך מיט דיר געעסקט... ניעדער מיט דעם דייטשל!..

דער המון. ניעדער זשאַן רול'ן!.. ניעדער זשאַן רולן!..

זשאַן רול. נו, וואָס איז.. געהט צוריק צו אַרגאַנדין, שקלאַפֿען!.. אויפֿ'ן קייט!.. צו די געשמידטע קייטען, קאַטאָרזשניקעס!..

דער המון. (ווייזענדיג קולאַקעס זשאַן רול'ן).. אַ טויט.. אַ טויט דיר!..

זשאַן רול. נו, פֿערדיענט די געלד, וואָס מענרע האָט איך צוגעזאָגט. און הרג'עט מיר צו.. אָט בין איך... (שטעלט אַ טריט פֿאָראויס און לעגט צוזאַמען די הענד אויפֿ'ן ברוסט). און האָט קיין מורא ניט.. איך וועל זיך ניט פֿערטהיידיגען...

דער המון. יע.. יע.. אַטויט!.. אַטויט איהם!.. (ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די, וואָס האַלטען זשאַן רול'ס צד לאָזען ניט, גיעט זיך דער המון צו איהם אַ וואָרף מיט קולות, שטופּט די פֿרויען, וואָס זיצען אויף די טרעפּלאַך פֿון בערגל).

פיער אנסאם. (זיך שלאָגענדיג) ווילדע חיות... דיקאַנעס!.. מערדער!..

פיליפ אורטא. כאַפּט איהם!.. אויפהייגען איהם אויף אַ בוים אין וואַלד!..

דער המון. אַ טויט, אַ טויט איהם! (דער המון האָט שוין איינגענומען דעם צווייטען טרעפּל, פּיליפּ אורטאָ ווארפט זיך אויף זשאַן רול'ן און כאַפּט איהם פאַר'ן פלייצע. זשאַן רול שטעהט אַלץ מיט צונויפגעלעגטע הענד, מיט אַ אויפגעהויבענער קאָפּ און פערטהיידיגט זיך גאָר ניט. מאַדלענע שטעלט זיך אינמיטען, ציהט אויס די הענד און די קנייטשען אויף איהר קלייד פלאַטערן, ווי פליגלען. די שטרייקער נעבען איהר טרעטען אָפּ).

מאַדלענע. (הויך) צוריק... צוריק!.. (דער המון שטעלט זיך אָפּ. נאָך העכער) צוריק, זאָג איך אייך!.. (די בעוועגונג פון המון אויף צוריק ווערט שטאַרקער) נאָך ווייטער אויף צוריק!

פיליפ אורטאָ לאָזט אוועק זשאַנען, אלע אויגען זיינען אויסגעשטעלט אויף מאַדלענען.

שטימען אין המון. דאָס איז מאַדלענע, מאַדלענע!

מאַדלענע. (אַלע שווייגען) איך בין נאָר אַ פּרוויענציאַמער... און איהר זייט מאַנסבילען!.. אָבער איך וועל אייך ניט לאָזען טהאָן אַ פערברעכען!.. איך וועל אייך ניט לאָזען אָנריהרען זיך אָן דעם, וועמען איך האָב האָלט, וואָס איך האָב איהם אויסגעקליבען... און וואָס איז דער פאָטער פון דעם קינד, וואָס לעבט אונטער מיין האַרץ. איך פערוועהר אייך איהם צו בעליידיגען... (זי ווייזט אויפ'ן צלם) אָט איז דער צלם, אויף וועלכען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק איז אונטער די שווערקייט פון די מענשענס האָט אויסגעגאַנגען מיט די כוחות יענער, וואָס האָט דער ערשטער געהאַט די העזה צו ריידען זיי וועגען פרייהייט און ליעבע!.. טאָ צוריק, צוריק, צוריק!.. (די, וואָס זיינען געשטאַנען אויף די טרעפּלאַך, טרעטען אָפּ. דער ווילדער כעס אויף די פנים'ער ווערט ווייכער, די פלייצעס בויגען זיך איין).

שטימען אין המון. דאָס איז מאַדלענע!.. מאַדלענע!.. הערט מאַדלענען... הערט אויס!

מאַדלענע. זשאַן האָט גערעדט מיט איך שאַרף... אונגערעכט... ער איז געוועזן ניט גערעכט... אָבער איהר זייט נאָך מעהר געוועזן אונגערעכט, איהר האָט אויפגערעגט זיין כעס, איהר האָט איהם אַרויסגערופען אויף גראָבקייט מיט אייער שאַרפען חשד און אייערע נידערטרעכטיגע רכילות!.. איהר דאַרפט בעסער וויסען, ווער עס לאָזט זיי אַרויס... ווער עס שפּרייט זיי פונאַנדער... און מיט וואָס פאַר אַ צוועק. זאָל די בלאָטע מיט וועלכע מען האָט



געוואָלט פערוואַרפען דעם מענשען, וואָס איז פאַר זיי געפעהרליך זאָל זי בלייבען אויף די הענד פון יענע, וואָס האָבען איהר אויפגעהויבען!

איינגע שטימען. אמת!.. אמת!..

אנדערע שטימען. רייד... מאַדלענע, מיר גלויבען דיר!

מאַדלענע. פון אָנהויב אָן פון דעם לאַנגען און צרה'דיגען שטרייק ליגט אַוועק זשאַן אַלע זיינע כוחות אויס פון ליעבע צו אייך, כדי אייך צו העלפען און בעהיטען אייך אייערע שונאים און פון אייך אַליין, ווייל איהר זייט זיך אַליין די ערגסטע שונאים!.. ער האָט געהאַט נור איין געדאַנק... איהר... ווידער איהר... און שטענדיג איהר... דאָס ווייס איך... און איך זאָג אייך דאָס... איך, די פריינדין אין זיין לעבען... איך, וועמען ער האָט פערטרויט זיינע טרוימען, זיינע שטרעבונגען און אויפגאַבען... איך, וואָס איך בין געוועזן אַ איינפאַכע אָרימע מיידעל, איך האָב אָנגעשעפּט אין זיין ליעבע אַזאַ קראַפט און אַזאַ פלאַמענדיגע אמונה, אַז איך קען איצטער האָבען די העזה ריידען מיט אייך אַזוי דרייסט און אָפען... איך, אַ שווייגענדיגע און אַ דערשלאָגענע בריאה, וואָס איהר אַלע האָט געקענט און וואָס פיעל פון אייך האָבען מיר געהאַלטען אויפ'ן האַנד, בשעת איך בין געוועזן אַ קליין קינד.

אַ אַלטער מאַן. רייד נאָך... דיינע ווערטער זיינען געשמאַקער פון ברויט...

מאַדלענע. און אָט ווי אַזוי איהר האָט איהם אָפּגעדאַנקט... איהר פאָדערט ביי איהם געלד און ברויט? נאָר ער האָט דאָס נאָך ווייניגער, ווי איהר... ווייל ער פלעגט יעדען מאָל אייך איוועקגעבען אי זיינעם, אי מיין חלק!.. איהר פרעגט ביי איהם, פון וואַנען ער איז געקומען צו אייך? איז אייך ניט אַלץ איינס, פון וואַנען ער איז געקומען, אויב איהר ווייסט נאָר וואוהין ער געהט... אָך... מיינע עלענדע... ער שטאַמט פון יענע לאַנד, פון וואַנען מיר זיינען אַלע, ער שטאַמט פון דעם פאָטערלאַנד פון אַלע ליידענדע... וואָס טראָגען אַריבער הונגער און אָרימקייט... און שטרעבען שטרעבט ער צו דעם איינציגען פאָטערלאַנד פון די אַלע, וואָס האָבען נאָך אַ האָפנינג אויף דעם קומענדיגען גליק! (אַ בעוועגונג אין המון, די פנים'ער ווערען אַלץ רוהיגער און ליכטיגער).

פיעל שטימען. יע... יע.. רייד נאָך!..

מאַדלענע. געהט איהר אויך אַהין!.. זשאַן וועט די וועג אַהין!.. געהט... געהט נאָך איהם... און ניט נאָך די, וואָס זייערע הענד זיינען פערפלעקט מיט די בלוט פון די אומגליקליכע!.. געהט.. דער וועג איז אַ לאַנגער און אַ שווערער!.. איהר וועט הונדערטער

מאָל פֿאַלען, פֿערמאַטערט, אויף די קניע, וואָס מאַכט דאָס אויס!.. שטעלט זיך און געהט ווייטער.. יושר וואַרט אויף אייך פֿאָראויס!

דער המון. יע, יע...

אַ שטימע. וואַרף אונז ניט אַוועק.

אַ צווייטע שטימע. מיר וועלען געהן נאָך דיר!..

אַ דריטע שטימע. מיר וועלען געהן נאָך איהם!..

מאַדלענע. אין שרעקט אייך ניט פֿאַר'ן טויט.. קריעגט האַלט דעם טויט.. דער טויט איז הויך... ער איז נויטווענדיג... געטליך... אַ, מען דאַרף שוין מעהר ניט קיין טרערען!.. אין די צייט פֿון די פֿיעלע יאָהרהונדערטען, וואָס איהר פֿערגיסט זיי, ווער האָט זיי געזעהען, ווער האָט זיי געהערט?.. גיט אַוועק אייער בלוט... אויב די בלוט ליגט זיך אויף די פנים'ער פֿון די מער- דער, ווי איין ניט פֿערוואַשענער פֿלעק.. איז אָבער אויף די פנים'ער פֿון די, וואָס געהען על קידוש השם, שיינט ער מיט שטראַהלען פֿון דער אייביגער זוהן.. יעדער טראָפּען בלוט, וואָס רינט פֿון זייערע אָדערן... וועט שאַפֿען העלדען, העלדישע קעמפֿפֿער. (זי ווייזט אויף'ן צלם) אַ גאָט!.. איך וואָלט וועלען האָבען טויזענדער לעבענס, כדי אַלע פֿאַר אייך אַוועקצוגעבען, איך וואָלט וועלען האָ- בען טויזענדער בריסטער, אום אויסצורינען פֿון זיי מיט בלוט פֿון פֿרייהייט און ליעבע אויף דער ערד, אויף וועלכער איהר ליידעט (אַ שטאַרקע צורודערונג אין המון; התלהבות אויף די געזיכטער).

אַ שטימע. מיר זיינען אַלע גרייט צום שטאַרבען... אַלע גרייט צים שטאַרבען!

דער המון. יע... יע...

מאַדלענע. ענדליך, דערקען איך אייך!.. און איך בין גליקליך... גליקליך! דאָס אַלץ, וואָס דאָ איז אָקאָרשט פֿאָרגעקומען, איז צום גליק, געווען נאָר דבורים, אָבער איך דאַרף האָבען מעשים..

דער המון. יע.. יע.. עס לעבע מאַדלענע! עס לעבע מאַדלענע!...

מאַדלענע. שרייט ניט: „עס לעבע מאַדלענע“ איך בין דאָ ניט מאַדלענע!.. איך בין נאָר די נשמה פֿון יענעם, וועלכען איהר האָט מיט עטליכע מינוט צוריק געשראָקען מיט'ן טויט!.. שרייט: „עס לעבע זשאַן רול“. דערווייזט מיר מיט דעם, אַז איהר זייט איהם מוחל זיין צאָרן, אַזוי ווי ער איז אייך מוחל אייער אונ- צוטרוי און אייער בעליידיגונג!..

דער המון. עס לעבע זשאַן רול!.. עס לעבע זשאַן רול! עס לעבע מאַדלענע!.. (פֿיליפּ אורטאָ שווייגט; זיין געזיכט איז אויס- געשרימט),



מאַדלענע. (צו פֿיליפּ'ען) און דו, פֿיליפּ אורטאָ?

פֿיליפּ אורטאָ. איך... ניין!.. (מאַכט אַ צאָרנדיגע תנועה).

מאַדלענע. (זאַנפֿט) פֿיליפּ אורטאָ... מיר קענען גוט איינע די אַנדערע. אַז איך בין געווען אַ קליינע, האָסטו האַלט געהאַט צו שפּאַציערען מיט מיר.. מיר האָבען צוזאַמען געבראָדיעט איבער פֿעלדער.. איבער וועלדער.. און אויפ'ן בערג וועג פֿלעגסטו אָפּריי- סען בלומען, מיט וועלכע דו פֿלעגסט בעפּוצען מיינע האָר... אַז אַנדערע פֿלעגען מיר שלאָגען, פֿלעגסט דו מיר בעשיצען... ווי אַ קליינער לייב.. דו ביזט געווען אַ מוטהיגער און אַ גוטהערציגער.. צו דען האָסטו דאָס פֿערגעסען?

פֿיליפּ אורטאָ. (אין פֿערלעגענהייט) ניין, מאַדלענע, איך האָב ניט פֿערגעסען, אָבער איצטער...

מאַדלענע. (רייסט איהם איבער) איצטער ביזטו אַ גרויסער, אַ שטאַרקער בחור... און דיין האַרץ איז געבליעבען די זעלבינע... אַ גוטע און אַ הייסע... ווי פֿריהער... נו, ווער גוטע פֿריינד מיט זשאַן'ען און גיעב איהם דיין האַנד.

פֿיליפּ אורטאָ. מאַדלענע.. מאַדלענע.. פֿאָדער דאָס ניט פֿון מיר!

מאַדלענע. (זעהר צאַרט) שטרעק איהם אוים די האַנד! שטרעק איהם אוים דיין האַנד!... איך בעט דיר דאָס!..

דער המון. יע... יע... מאַדלענע איז גערעכט!..

פֿיליפּ אורטאָ. (קוויינקעלט זיך, אָבער נאָכהער גיעט ער זיך אונטער און גיט זשאַן'ען די האַנד) נו, גוט! (זיי קושען זיך. דער המון איז ענטציקט, אַלע הענד זיינען אויסגעשטרעקט צו מאַדלענען, אַלע פּנים'ער זיינען אומגעקעהרט צו איהר.

מאַדלענע. זאָל דאָס זיין פֿאַר אַ צייכען פֿון אַלגעמיי- נעם שלום. זאָל דאָס זיין דער אָנהויב פֿון אונזער פֿעראייניגונג, וואָס פֿון היינט מאָל אָן וועט ער פֿון קיין זאַך ניט קענען צושטערט ווערען! שווערט אייך אויף דעם!..

דער המון. יע.. יע.. מיר שווערען אַלע!.. עס לעבע מאַדלענע!.. עס לעבע זשאַן רול! עס לעבע דער שטרייק!

דער אַלטער מאַן. דו ביזט פֿאַר אונז, ווי אַ איינגענע מוטער.. מאַדלענע. (די התפעלות פֿון המון דערגרייכט דעם העכ- סטען פּונקט; די פֿרויענצימער, וואָס זיינען געזעסען אויף די טרעפּ- לאַך, האָבען זיך אויפֿגעהויבען און ציהען אוים זייערע קינדער צו מאַדלענ'ען)

מאַדלענע. (נאָכדעם ווי די התפעלות פֿון המון ווערט אַביסל שטילער; האַלט זשאַן'ען פֿאַר'ן האַנד) איצטער געהט אַהיים

געהט יערערער צו זיך... (מיט די פרייע האנד מהוט זי א מאך צום שטארם צו, מיט א הילכינע שטימע) און מארגען..

דער המון. יע.. יע.. יע!..

מאדלענע. און צום טויט?..

דער המון. צום טויט... צום טויט! (ווידער א מורא'דיגע התפעלות).

מאדלענע. בכן.. ביז מארגען... ביין פאבריק... אלע!..

דער המון. אלע... עס לעבע דער שטרייק! (דער המון נעהט זיך ביסלעכווייז פונאנדער איבער אלע וועגען. און שטעגלאך).

## דריטע ערשיינונג

### מאדלענע און זשאן רול.

זשאן רול און מאדלענע בלייבען אויפ'ן בערגל. האלטענדיג זיך פאר די הענד. אז דער המון איז זיך פונאנדער געגאנגען, לאזען זיי זיך פאמעלאך אראפ פון די טרעפלאך.

זשאן רול. (ציהט זיך צו מאדלענ'ען נעהמט איהר ארום און וויינט) דו זעהסט... איצטער ווייז איך אין דיינע ארעמס... איך בין דיין קלייניקער קינד...

מאדלענע. איך ליעב דיר, מיין זשאן!

זשאן רול. פון וועלף האסטו געמאכט שעפסען... פון מרוסען העלדען!.. און וואס איז דער סוד פון דיין מאכט?

מאדלענע. איך ליעב דיר!..

זשאן רול. זיי האבען מיר געוואלט צו הרג'נען, דו האסט מיר ארויסגעריסען פון טויט.

מאדלענע. איך ליעב דיר!..

זשאן רול. מאדלענע... מאדלענע!.. דו ביזט א פרוי־ענצימער מיט א מעכטיגער אונערשרעקענדיגע הארץ; דו ביזט איינע פון די אויסגעוועהלטע, וועלכע פלעגען אין די א מאליגע דורות ארויסגעהן פון פאלק כדי אויפצולעבען אין איהם דעם פערלאשענעם מוטה און אומקעהרען דעם אמאליגען גלויבען... דו ביזט יענע...

מאדלענע. (נעהמט ארום זשאן'ען און רייסט איבער זיינע ווערטער מיט קושען). יענע, וואס האט דיר האלט, זשאן... און מעהר גאר ניט... (זיי געהען אוועק ארומגענומען און פערשווינדען אין וואלד)

(דער פארהאנג פאלט).

---

# פינפטער אקט.

א פלאץ. אויפ'ן ערשטען ארט, איבער די גאנצע לייננ פון סצענע זעהט זיך א הויף, ארומגעצאמט מיט א נידעריגען מויערנעם פארקאן. פון אויבען א פייערנע גראטע. פיעל פון די שטיינגלאך פון די גראטע זיינען אויסגעריסען, פיעל זיינען צובויגען, און אין איין ארט איז נאך קאנטיג דער צעטעל: „עס פערדינגט זיך א שפייכלער". אין מיטען פארקאן א טויער, וואס קומט ארויס אויפ'ן פלאץ. פון אנדערן זייט פלאץ א גאס, וואס פערליערט זיך אין דער ווייטענס; עק גאס זעהט זיך די פערברענטע געביידע פון פאבריק, וואס רויכערט זיך נאך אין הויף, אויף רעכטס א פאוויעטקע (א וועטער-דאך, א דאך אויף שלופעס, אהן ווענד. איבערז.), וואס פערנעהמט א היבשען ארט; אויף לינקס אונטער א אויסגעדארטען בוים שטעהט א ביינקל. אויף די הייזער איז קאנטיג שפורען פון רעם געשלעג, וואס איז ניט לאנג פארגעקומען. די לאדענס זיינען פערהאקט, די פענסטער פון די קראמען און קאפע-הייזער זיינען דורכגעשלאגען. א העלער זונענשיין שיינט איבער די גאנצע שטאדט, אבער ארום איז אליץ טונקעל, פער-חשכט און אומעטיג, אליץ איז דורכגענומען מיט שווארצע קויהלען-שטויב.

ביים אויפהויבען דעם פארהאנג איז אויפ'ן פלאץ פוסט. עס געהען דורך דורכ'ן סצענע לאנגע שורות ארעסטירטע שטרייקער אין קייטען, בעגלייט פון זשאנדארען. אין דער צייט עפענען זיך אויף עטליכע לאדענס און אין די פענסטער ווייזען זיך צומראגענע אין נייגעריגע פנים'ער. עטליכע קרעמער אשוואשען זיך ארויסצוגעהן אויפ'ן שוועל פון זייערע קראמען נאך דערשראקענע און קוקען אין יענעם זייט, וואוהין מען האט אוועקגעפיהרט די שטרייקער. אויפ'ן הויף טראגט מען אריין צוויי נאסילקעס, בעדעקטע מיט א גרויסעם לייננוואנד. די טרע-גער נעהמען אראפ די לייננוואנד, לייגען אוועק די טויטע קערפערס אונטער'ן פאוויעטקע צוזאמען מיט אנדערע.

דער נייגיעריגער — ניט עפעס אנ'ארבייטער, ניט עפעס א מיטעלער בעל-הבית — דערקלייבט זיך ביז'ן סאמען טויער פון הויף און קוקט אריין.

---

## ערשטע ערשיינונג.

### דער נייגיעריגער, פיער טרעגער.

דער נייגיעריגער. נו, וואס, עס איז נאך דא א פולע?...

דער ערשטער טרעגער. ביז א צעהנדליג וועט נאך זיין.. דא זיינען דאך מעהר ניט וויא טויטע...

**דער נייגיעריגער.** און וואס איז מיט די פעלווונדעטע?

**דער 1 טרעגער.** זיי האט מען אפגעשיקט אין שפיטאל.. אין פאפ'ס הויף, אויף'ן הויף פון דער שטאדט-אופראווע.. אומעטום...

**דער 2 טרעגער.** מען זאגט, אז פיערציג טויטע קערפערס זיינען געבליעבען אונטער די חורבות פון פאבריק (ווייזט אויפ'ן פאבריק). חוץ די, וואס מען האט אפגעשיקט אין זאל פאנ־יע.. (שאקעלט מיט'ן קאפ). היינטיגען מאל שוין ניט אויף צו טאנצען?..

**דער נייגיעריגער.** איצט איז שוין געענדיגט, ניין אפשר?

**דער 1 טרעגער.** יע, מען זאגט, זיי האבען זיך אלע אונטערגעגעבען...

**דער נייגיעריגער.** עס איז צייט.. (ווייזט אויף די טויטע). ווי די מעשה איז א מעשה, עס איז פארט א רחמנות צו קוקען אויף דאס אלץ...

**דער 2 טרעגער.** איך האב זיי געזעהען אויפ'ן באררי־קאדע.. נעבען קליסטער.. חוואטסקע בחורים, זאג איך אייך.. עס זיינען דארטען געוועזען א מאן פינפהונדערט אויפ'ן באררי־קאדע.. און אפשר מעהרער.. אפשר זעקס הונדערט.. עס איז דארטען געוועזען אזא טומעל, אזא רווישענעס.. פריהער פון אלעמען, מאר־לענע און זשאן רול, וואס האבען געקאמאנדעוועט איבער'ן המון, יעדער מיט א רויטע פאהנע אין האנד. אזוינע כוואטעס, אזוינע דרייסטע און מוטהיגע, אויפ'ן סאמען הויכען ארט.. און אט, קומט אין מיטען צולויפען פערשאפעטערהייד.. די אויגען אויסגעשטאר־צעט פון שרעק, הערר ראבערט..

**דער נייגיעריגער.** ווער איז דאס הערר ראבערט?

**דער 1 טרעגער.** ראבערט ארגאנר.

**דער נייגיעריגער.** דעםווירטה'ס זוהן?

**דער 1 טרעגער.** נו, יע!..

**דער נייגיעריגער.** א... נו, נו, וואס זשע איז מיט איהם?

**דער 1 טרעגער.** ער איז אויסער זיך.. ווארפט זיך אהער אהין.. ווענדט זיך דא צו די מיליטער, דא צו די שטרייקער.. אבער וואו! די סאלדאטען זיינען אפילו געשטאנען ניט מעהר, ווי אויף 20 טריט פון די באררי־קאדען, אבער אין טומעל און רעש האט מען דארטען גאר ניט געהערט.. פערשטעהט איהר מיך.. ראבערט האט דוכט זיך מיר אי די, אי יענע געשריען: „שטייט, שטייט!"...

**דער נייגיעריגער.** נו, און וואס איז דאן געוועזען?...



**דער 1 טרעגער.** דאן פון די באררי־קאדע האט זיך פלוצ־לונג דערהערט א שאס פון א פיסטאלעט... און די מיליטער איז געפלויגער שטיינער.. שטיקער אייזען.. עס איז פון אלץ געוועזען געגנוג.. נו, נו!.. „מען דארף מאכען צו דעם א סוף" האט דער קאפיטאן געזאגט.. און אז ער האט זיך דריי מאל געווענדעט צום המון, האט ער דערלאנגט א קאמאנדע: „פליי"... מארלענע.. זשאן רול.. פאהנען, הערר ראבערט מיט פינף און צוואנציג אדער דרייסיג חברים פאלען, אבער די רייהען שליסען זיך ווייטער.. אלע שרייען, ווי פערדולטע.. מען האט אנגעהויבען צו זינגען, און ווי־עדער האבען אנגעהויבען צו פליהען שטיינער... איך זאג, עס איז געוועזען ניט גרינג איינצונעהמען די מיטחיתים!.. (נעהמט אראפ די היטעל און ווישט אפ דעם שטערן פון שוויים). גאט מיינער, ווי היים עס איז!.. (צום 2-טען טרעגער). גיעב מיר דיין פלעשעל.. (נעהמט די פלעשעל און טרינקט דורשטיג).

**דער נייגיעריגער.** הייסט דאס.. הערר ראבערט?..

**דער 1 טרעגער.** נו, יע! (מאכט מיט'ן האנד אויף יע און טהוט אן די היטעל).

**דער נייגיעריגער.** כ'לעבען, דאס איז שווער צו גלוי־בען... שווער צו גלויבען!..

**דער בעל-הבית.** וואס זאגט איהר?...

**דער 1 טרעגער.** מיר האבען נאך איהם ניט געזעהען.. פערשטעהט זיך, אז ער קען ניט זיין זעהר צופריעדען!

**דער נייגיעריגער.** יע, יע.. פארשטעהט זיך.. און דעם קערפער פון זיין זוהן האט מען געפונען?

**דער 1 טרעגער.** ער איז מסתמא דארטען.. מיט די איבריגע. (דער נייגיעריגער קוקט אויף די פיער טרעגער, וואס הויבען ווייטער אויף די נאסילקעס און געהען אוועק. א פרויענצימער מיט 2 קינדער פאר'ן האנד געהט פאזע דעם פארקאן).

## צווייטע ערשיינונג.

מאריאננע, רענא, דער נייגיעריגער.

**מאריאננע רענא.** (צום נייגיעריגען). איך זוך מיין מאן.. ער איז דא רא?

**דער נייגיעריגער.** (ווייזט אויפ'ן וועטער-דאך). קוקט זיך דארטען איין, עלענדע פרוי. (געהט אוועק אויפ'ן פלאץ).

**מאריאננע רענא.** (געהט איבער'ן הויף, וויינענדיג). מיין גאט! (געהט אוועק אינטערן וועטער-דאך).

אויפ'ן פלאץ ווערט לעבעדיגער. עס קומען צו פארביינגעהער; דער נייגיעריגער רופט זיי און דערציילט זיי צוטראגען דאס, וואס ער האט זיך קארשט דערוואוסט. עס בעווייזען זיך נאך פרויען און וויינענדיג געהען זיי צום וועטער־דאך.

## דריטע ערשיינונג.

### א פרוי, א קליינער אינגעל, דער נייגיערינער.

דער קליינער אינגעל פיהרט פאר'ן האנד א ברעקעל קינד א ברודערל אין א לאנגע קליידעלע.

דער קליינער אינגעל. (ווענדט זיך צום נייגיעריגען, מיט א רוהיגע און קלינגעדיגע שטימע). הערר, וואו זיינען דא די טויטע?.. (דער נייגיעריגער ווייזט אויפ'ן וועטער־דאך. דער קליינער אינגעל געהט דורך דעם הויף און געהט אויך ארונטער די פאוויעטקע).

## פיערטע ערשיינונג.

### פרויען, די אלטע קאטיאר, לואי טיער, נאכהער מאדלענע

די פרויען קומען איינע נאך די אנדערע. זיי געהען אריין אויפ'ן הויף; איניגע מיט קינדער פאר'ן האנד; אנדערע טראגען ברוסט־קינדער אויף די הענד. איניגע דערקענען צווישען די קערפערס זייערע מאנען, זיהן, טאטעס; קולות, יאמערן. זיי שטעלען זיך אויף די קניע פאר די טויטע און וויינען אויפ'ן קול.

עס געהט אריין די אלטע קאטיאר, אונטערהאלטענדיג לואי טיער'ן. זי קוקט זיך ארום. לואי טיער זעהט זיך אן גאר ווי אהן כחות. ער איז איינגעהויקערט קוים וואס ער געהט, און זיינע אויגען זיינען אזוי ווי אויסגעלאשען.

קאטיאר. אט איז א ביינקעל.. דו ביזט פערמאטערט.. זעץ זיך דא.. און ווארט אויף מיר. (זעצט אוועק טיער'ן אויפ'ן באנק; דארטען זיצט שוין א אלטינקע, אהן רייד, פערשטיינערט, וואס ווארט אויך עפעס אויף וואס).

טיער. (געהט צו צום באנק). וואס זאגסט דו?.. מיר געהען אויפ'ן פאבריק...

קאטיאר. (זעצט איהם אוועק אויפ'ן באנק גלייך מיט די אלטע פרוי). קוקט אויף איהם. ביי איהם, מיין עלענדען, איז נעבאך די קאפ ניט אויפ'ן ארט... איך האב איהם דאך ניט געקענט לאזען אליין אין שטוב... (קוקט זיך ארום). מיין גאט!.. מיין גאט!.. צו איז דאס אלץ טאקע אמת?.. (די פרוי אויפ'ן באנק ריהרט זיך ניט. קאטיאר געהט צום וועטער־דאך).

טיער. (רעדט מיט זיך אליין). וואס רעדסטו פארט?.. (קוקט מיט אויגען, וואס פערשטעהען גאר ניט אויף דעם, וואס קומט פאר ארום). אך, יע.. היינט איז דאך דער אויסרעכענונג. (עס קומען נאך פרויענצימער. דער הויף ווערט פול. מיט זיינע



אויסגעלאשענע אויגען קוקט טיער איינינגע מינוט אויף די פרויענצימער, וואס זיצט נעבען איהם. נאכהער קעהרט ער אום די קאפ און זיצט ניט ריהרענדיג זיך, איינגעהויקערט. עס הערען זיך טענות, וויינען און קלאגען פון די ווייבער).

קאטיאר. (אונטערן וועטער־דאך צווישען אלע פרויען, שרייעט הויך). דאס איז מאדלענע.. מאדלענע!..

לואי טיער. (ביי דעם נאמען „מאדלענע" קעהרט ער אום די קאפ צו די אלטע, וואס זיצט נעבען איהם). מאדלענע!.. וואס רעדסטו דאס?.. פאר וואס זאגסטו, אז דאס איז מאדלענע... דו ווייסט גאנץ גוט, אז דו ביזט ניט מאדלענע... (שאקעלט מיט'ן קאפ און זינקט איין אין די פריהערדיגע פאזע).

קאטיאר. (אונטערין וועטער־דאך). זי איז ניט געשטארבען.. מאדלענע איז ניט געשטארבען... (די פרויען וויינען). איהרע ליפען ריהרען זיך.. איהר הארץ קלאפט נאך.. (זי וויל אויפהויבען מאדלענען, די פרויען וויינען). נו, העלפט זשע מיר, העלפט! (קיין איין פרויענצימער ריהרט זיך ניט). איך בין צו אלט.. איך האב קיין כחות נים.. (קיינער ריהרט זיך ניט). אבער העלפט מיר! איך זאג אייך דאך, אז זי איז ניט געשטארבען! (צום סוף, פון די פרויען, וואס האבען קיינעם ניט געפונען צווישען די טויטע, געהען איינינגע צו העלפען די אלטע קאטיאר. זיי הייבען אויף מאדלענען, וואס איהרע האר זיינען פערבלוטיגט). איהר זעהט.. זי עפענט אויף די אויגען... מען טאר איהר ניט לאזען דא.. לאמיר איהר אוועקטראגען צום באנק.. (מיט גרויס מאטערנים טראגען זיי איהר צום באנק. די אלטע, וואס איז דארטען געזעסען, שטעלט זיך, ניט קוקענדיג אויף זיי, און געהט אוועק ווי ניט איהר דאגה).

לואי טיער. (בלייבט זיצען, איינגעהויקערט, מיט אויגען אויסגעשטעלט צו דער ערד. די פרויען האלטען צו מאדלענען אויפ'ן באנק). מאדלענע!.. מאדלענע!..

לואי טיער. (ביי דעם נאמען מאדלענע הויבט ער אויף די קאפ, קוקט אווילע אויף זיין טאכטער און דערקענט איהר נים; קוקט אויפ'ן הויף, וואו עס איז פול מענשען). דאס איז דער אויסרעכענונג!.. (פאלט אריין אין פריהערדיגען גדריקטען מצב).

קאטיאר. זי קומט צו זיך! (מאדלענע ניעט א זיפץ און איהר ברוסט הויבט זיך אויף). זי איז פערוואונדעט אין קאפ.. אבער דער וואונד איז ניט קיין טיעפער.. די נייגיעריגע, וואס קוקען דורכ'ן גראטע). ברייננט וואסער! (איינער פון די נייגיעריגע געהט און ברייננט א האנדטוך און א כלי וואסער). ווי איהרע האר זיינען צוגעקלעפט! (צו די פרויען). שפילעט איהר אפ דעם לייבל. (די אלטע קאטיאר בינדט איבער מאדלענעס וואונד). מאדלענע!..

מאַדלענע!.. דאָס בין איך!.. (אין די מינוט געהט אריין אַרגאַנד; זיין געזיכט איז אויסגעקרימט פֿון צרות; נאָך איהם געהט מעגרע און איניגע בעדיענטע אויפ'ן פֿאַבריק).

## פֿינפֿטע ערשיינונג.

די זעלבע, אַרגאַנד, מעגרע און נאָך.

אַרגאַנד. (לויפֿט צום וועטערדאַך) מיין זון!.. מיין זון!..

מעגרע. (געהענדיג נאָך איהם) הערר אַרגאַנד!.. הערר אַרגאַנד!..

קאַטיאַר. מאַדלענע!.. מאַדלענע!.. דאָס בין איך!.. איהר דערקענט מיר? (די אַלטע קאַטיאַר בינדט ווייטער מאַדלענעס וואונד. מאַדלענע זיפֿצעט זיך אָפּ שווער און לאַנג. די ווייבער בויגען זיך איין איבער איהר און האַלטען איהר צו די קאָפּ)

אַרגאַנד. (קעהרט זיך אום פֿון וועטערדאַך) וואו איז ער?.. וואו איז ער?..

מעגרע. מען האָט אייך אָפּגענאַרט, הערר אַרגאַנד.. איך בין איבערצייגט, אַז דער הערר ראָבערט איז צו הויזע

אַרגאַנד. ניין!.. ניין!.. ער איז ענטלאָפֿען פֿון שטוב, ווי אַ משוגע'נער, מען האָט איהם געזעהען אויפֿ'ן באַרריקאַדע... איך זאָג אייך, אַז מיין זון איז דערהרג'עט.. דערהרג'עט.. (די פֿרוי־ען וויינען אויפֿ'ן קול; קיינער קוקט גאָר ניט אויף אַרגאַנד'ן).. ראָבערט איז געשטאָרבען!.. און איך האָב דאָס, איך האָב דאָס איהם צוגע'הרג'עט!.

מעגרע. איהר טאָרט דאָ ניט בלייבען, הערר אַרגאַנד!.. דאָס איז אונזיננינג!..

אַרגאַנד. (ווייזט אויף די וויינענדיגע פֿרויענצימער) אָט זיי בלייבען דאָך דאָ!..

מעגרע. אָבער ווען אייער זון וואָלט געוועזען צוגע'הרג'עט וואָלט מען איהם דאָך געבראַכט צו אייך. לאָמיר געהן!

אַרגאַנד. ניין!.. ניין!.. (צום המון) צו האָט ווער ניט געזעהען מיין זון? (אַ שווייגען) (די ווייבער וויינען אונטערן וועטערדאַך). ענטפֿערט, ענטפֿערט, איך בעט אייך!.. מיין זון!.. (אַ שווייגען) איהר, וואָס וויינען, הערט מיר אויס!... איהר מוטערס, וואָס האָבען פֿערלאָרען זייערע קינדער!.. איהר, אַלמנות, הערט מיר אויס!.. אַלץ, וואָס געהערט מיר, גיעב איך אייך אַוועק.. מיין פֿערמעגען... גיעב איך אייך אַוועק.. מיין לעבען גיעב איך אייך אַוועק.. מיין גאַנצען אוועק.. נאָר זאָגט מיר.. זאָגט מיר, וואו איז מיין זון? (אַ שוויי־



גען און וויינענדיגע קולות. מאַריאַנע רענא געהט אַרויס פֿון וועטערדאַך. אַרגאַנד וויל איהר נעהמען פֿאַר'ן האַנד).

אַרגאַנד. דו... מאַריאַנע... דו... צו האָסטו געזעהען מיין זון? זאָג מיר! (מאַריאַנע שטויסט איהם אָפּ, ניט אָנקוקענדיג איהם, רוקט זיך אָפּ און געהט אַוועק) עס איז ביי קיינעם ניטאָ קיין רחמנית.. ניטאָ קיין רחמנות!..

מעגרע. (וויל איהם אַוועקפֿיהרען) הערר אַרגאַנד!.. הערר אַרגאַנד!..

אַרגאַנד. (געהט איבער'ן הויף, געהט צו צום באַנק, וואו ער זעהט מאַדלענען, בלייך ווי דער מלאך המות און מיט אַ פֿער־בלוטיגטען שטערן). מאַדלענע!.. אָ!.. (ער שטעלט אַ טריט צוריק און אַזוי ווי ער וואָלט צום ערשטען מאָל דערזעהען דעם הויף, די ווייבער, וואָס שטעהען אויף די קניע, די טויטע קערפּערס. ער פֿערשטעלט אויף עטליכע ווייל'עס די אויגען מיט די הענד, כדי ניט צו זעהען דעם גרויל). אָ!.. אָ!.. אָ!..

קאַטיאַר. מאַדלענע!.. מאַדלענע!.. דאָס בין איך!..

מאדלענע. (עפֿענט די אויגען, ביסלעכווייז ערוואַכט זי ווי פֿון א לאנגען און א ליידענשאפֿטליכען שלאף, קוקט ארום זיך, פֿערשטעהט קיין זאך ניט און ווייס ניט, וואו זי איז; ביסלעכווייז הויבט זי אן ניט קלאהר צו דערמאהנען זיך אן אלץ, וואס עס איז פארגעקומען; שטיקלאך ערינערונגען שטעלען זיך פֿאר איהר, אין איהרע אויגען בעוויזט זיך אנ'אויסדריק פון א אלץ גרעסערען פֿערשטעהן די ווירקליכקייט; זי פרובט זיך געבען ארויף, הויבט אויף די האנד; אויף איהר האנד איז א בלוטיגער פלעק; זי קוקט אויף די בלוט, אבער זי פֿערשטעהט נאך אלץ ניט, וואס בעדייט דאס; איהר האנד לאזט זיך אראפ אין אהנמאכט).

קאַטיאַר. מאַדלענע... מאַדלענע... דאָס בין איך!..

מאַדלענע. (קוקט לאַנג, ניט אַראָפּנעהמענדיג די אויג, אויף די אַלטע קאַטיאַר, דערקענט איהר; זי רעדט זעהר שטיל, קוים וואָס מען הערט) באָבינקע קאַטיאַר! (קוקט אויפֿ'ן פֿאָטער, וואָס זיצט אויפֿ'ן באַנק און דערקענט איהם. מיט אַ מעהר זיכערע און טרויעריגען שטימע) פֿאָטער... פֿאָטער!.. (קוקט אויף אַרגאַנד'ן וואָס שטעהט פֿאַר איהר און דערקענט איהם. זי טהוט אַ ציטער און מיט אַ לייכטע בעוועגונג טרייסעלט זי זיך אַזוי ווי אָפּ פֿון איהם). ער... אָ!.. (קוקט זיך אַרום, זעהט פֿרויענצימער, וואָס שטעהען אויף די קניע) וואָס איז דאָס?... פֿאַרוואָס... פֿאַר וואָס וויינען זיי?.. (איהר געדאַנקען אַרבייט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. זי דער־מאָהנט זיך פֿון אַלץ. אויף איהר געזיכט ליעגט בעוואוסטזיין און אַנ'אויסדריק פֿון גרויזאַמקייט. דערזעהענדיג דעם וועטערדאַך מיט

די טויטע קערפּערס, דערלאַנגט זי הויך אַ געשריי „אָ!“ מיט אַ אויסדרוק פֿון שרעק פֿאַלט זי ווידער אַנידער אויף די הענד פֿון די פֿרויענצימער און איינִיגע מינוטען טהוט זי זיך ניט קיין ריהר; עס הערט זיך איהר פּייפּענדיגע כריפּענדיגע אָטהעמען).

קאַטיאַר. מאַדלענע!.. מאַדלענע!.. האָט קיין מורא ניט. מיר זיינען דאָ אַלע מיט אייך... די אַלטע קאַטיאַר... איהר קענט מיר גוט... אייער אַלטע שכנ'תע... מיין קליינע מאַדלענע!..

מאַדלענע. (ציטערט נאָך) באַבינקע קאַטיאַר!.. יע... איך דערקען אייך!.. דאָס זייט איהר... און דעם עלענדען פֿאָטער.. איך דערקען איהם... איך דערקען אייך אַלעמען... (צוטראָגען) און זשאַן.. וואו איז זשאַן? (אַרגאַנד געהט צו).

קאַטיאַר. מיר וועלען איהם באַלד אויפֿזוכען...

מאַדלענע. פֿאַר וואָס איז ער דאָ ניטאָ מיט אייך?.. פֿאַר וואָס איז ער ניטאָ?..

קאַטיאַר. מאַרלענע... איהר טאָרט זיך ניט בעאונרוהיגען.

מאַדלענע. זשאַן!... איך וויל זעהען זשאַן'ען!..

קאַטיאַר. מיר וועלען באַלד... אייך צו פֿיהרען צו איהם.

מאַדלענע. (פלוצלונג מיט אַ געשריי) זשאַן איז געשטאָרבען!... זשאַן איז דער'הרג'עט!... איך געדיינק... (זי וויל זיך שטעלען) לאָזט מיר... לאָזט מיר... איך געדיינק אַלץ, אַלץ... (ניט קענענדיג אויף דעם בעטען זיך פֿון קאַטיאַר און פֿון די איבריגע פֿרויען שטעלט זי זיך).

אַרגאַנד. מאַדלענע!

קאַטיאַר. (צאָרניג אָפּשטויסענדיג אַרגאַנד'ן) שווייגט! איהר זעהט ניט, אַז זי איז נאָך האַלב־טויט!...

אַרגאַנד. (איינגעשפּאַרט און מיט אַ געבעט) מאַדלענע... איך האָב איצטער פֿערלאָרען גאָר מיין גאוה... איך בין אַ אָרימער מענש... איך בין אַ קליינער, אַ גאָרנישטיגער מענש... און דו האָסט דיך אַלץ דערכאַהנט... זאָג מיר... זאָג, וואו איז ראָבערט

מאַדלענע. און דו... זאָג מיר, וואו איז זשאַן?... זאָג מיר, וואָס האָסטו געטאָהן מיט זשאַנ'ען?.. מערדער... מערדער... (מעגרע און אַנדערע מישען זיך אריין, פֿיהרען אַוועק אַרגאַנד'ן. אין די מינוט טראָגט מען אריין צוויי נאַסילקעס. די טרעגער שרייען: „אָן אַ זייט!... לאָזט... לאָזט...“



# זעקסטע ערשיינונג.

## די זעלבע, די טרעגער.

אַרגאַנד וואַרפֿט זיך צו די נאַסילקעס, די פֿרויען גיבען זיך אויך אַ יואָרף צו זיי און רינגלען זיי אַרום, מעגרע און די אַנדערע איילען אָפּשטופּען די מאַסע און בעשיצען אַרגאַנד'ן. מאַדלענע טרייסעלט זיך אין גאַנצען. שטיל קרעכצענדיג געהט זי צו, אנגעשפּאַרט אויף די ווייבער צו די נאַסילקעס, פֿון וועלכע זי לאָזט ניט אַראָב קיין אויג.

אַרגאַנד. (הויבט אויף די ליינוואַנד פֿון די ערשטע נאַסילקע, מיט אַ הויכען געשריי) אָ!.. ראָבערט... מיין זון... (פֿאַלט אויפֿ'ן קערפּער פֿון זון) ראָבערט!.. ראָבערט!..

מאַדלענע. (געהט צו) עלענדער! (פלוצלונג מיט אַ שטאַרקען אימפּעט רייסט זי זיך אַרויס פֿון די פֿרויען און שאָקלענדיג זיך, וואַרפֿט זי זיך צו די צווייטע נאַסילקע, (רייסט אָפּ דעם ליינוואַנד) זשאַן!.. דו... דו.. (פֿאַלט אויפֿ'ן נאַסילקע, הויבט אויף זשאַן'ס קאָפּ און קושט איהם וואַהנזיננִיג. די פֿרויען געהען אַוועק דערקונדענדיג זיך, אַז אויף די נאַסילקעס איז ניטאָ קיינער פֿון זייערע נאָהענטע; אַנדערע וויינען נאָך אונטערן פּאָוויעטקע. די קולות און די געוויינען פֿון אַרגאַנד'ן. אַרום אַרגאַנד'ן שטעהען מעגרע און אַנדערע בעדיענטע אויפֿ'ן פֿאַבריק. אַרום מאַדלענען שטעהען די אַלטע קאַטיאַר און אָרויען).

מאַדלענע. (גלייכט זיך פלוצלונג אויס און לייגט די הענד זיך אויפֿ'ן בויך) וויינט ניט... איהר אַלע דאָרטען!.. הערט מיר אויס! מען דאַרף ניט וויינען! מיין קינד לעבט נאָך!.. איך האָב דערפֿיהלט אין זיך זיין ריהרען זיך... ער לעבט... ער לעבט!.. און איך וויל אויך לעבען!.. איך וויל לעבען צוליעב איהם... וויינט ניט!.. אַלמנות, מוטערס, דערשלאָגענע פֿון אומגליק... איהר... ביי וועמען עס איז אַלץ אָפּגענומען געוואָרען!.. איהר ביי וועמען מען האָט צוגע'הרג'עט די, וואָס זיינען אייך טייער... איהר הערט מיר אויס?.. (קיין פֿרויענצימער טהוט זיך ניט אַ ריהר) איהר הערט מיר אויס?.. (די פֿרויענצימער שווייגען) איך זאָג אייך, אַז מיין קינד איז נאָך ניט געשטאָרבען... אַז דאָס קינד פֿון זשאַן רול'ען איז נאָך ניט געשטאָרבען!.. (קיין פֿרויענצימער ריהרט זיך ניט) איהר הערט מיר?... (אַ שווייגען) איך זאָג אייך, אַז איך וויל לעבען, אַז איך וויל איהם אויסהאָדעווען אויף נקמה!.. (קיין פֿרויענצימער טהוט זיך ניט אַ ריהר) איהר הערט מיר?.. (די פֿרויענצימער שווייגען).

מעגרע. הערר אַרגאַנד... מען דאַרף אַוועקטראָגען דעם העררן ראָבערט אין פּאַלאַץ.

**אַרגאַנד.** (וויינט און לאָזט זיך פיהרען), ווי אַ קליין-קינד) מיין זון! מיין זון!..

**מעגרע.** (הייבט אויף אַרגאַנד'ן בעדעקט, די נאַסילקע מיט דעם לייגוואַנד; זאָגט די טרעגער) אין פּאַלאַץ!

**מאַדלענע.** (וואַרפט זיך אויף מעגרע און שטויסט איהם אָפּ) ריהרט זיך ניט צו צו איהם! דער איז ניט אייערער... ער געהערט ניט צו אייך!.. ער איז אונזערער (צו די טרעגער) אין קופּע, אין קופּע, אין קופּע!.. (קעהרט זיך אים צו די נאַסילקעס, אויף וועלכע עס ליגט זשאַן'ס טויטער קערפּער און פּרובט נאָך ריידען) איך וועל לעבען... איך (די בלוט, וואָס דערלאַנגט אַ גאָס ביי איהר פון האַלז, שטיקט איהר. זי שאָקעלט זיך און פאַלט אַנידער אויפ'ן קערפּער פון איהר געליעבטען).

**לואי טיער.** (קוקט אויף אַלץ מיט אויסגעלאָשענע אויגען). דאָס איז דער אויסרעכנונג!..

## ענדע

